Leivick, H.
Der goylem: dramatishe poeme in akht bilder.
Varshe, 1921.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004-1878.10

**Leivick, H., 1888-1962.**
Der goylem : dramatishe poeme in akht bilder.
Varshe: Kultur-lige, 1921.
234 p. ; 23 cm.

1. Golem--Drama. 2. Yiddish drama.--lcsh
I. Golem. II. Poland-Warsaw



Reduction ratio X 10.0

ה. לייוויק

# דער גולם

דראמאטישע פאעמע

אין אכט בילדער

פארלאג „קולטור=ליגע“ ווארשע

# ליים

## פערזאָנען

מהר״ל
רביצין
דבורהל
זע׳ גולם
יצחק
יעקב
שמש
ר׳ באסעוי
תנחום
טאַדעוש
מאַנאַך

**וואַנדערערס:**

דער אַלטער בעטלער
דער יונגער בעטלער

**אָרעמע לייט:**

דער הויכער
דער רויטער
דער בלינדער
דער קרומער פוס
דער האָרבאַטער
דער קראַנקער

דער אינו נראה
דאָס געשטאַלט פון מהר״ל
דער גייסט פונם נישט-געשאַפענעם
דאָס געשטאַלט פון טאַדעוש
דער מאַן מיטן קרייץ
הייל-רוחות
די אונטערערדיקע
יידן

פראָג, זיבעצנטער יאָרהונדערט.

אַ ליידיקער פּלאַץ אויסן ברעג מיין אינגסער פּראָג. פאַרטאָג. אַלץ אַרום איז שטיל און פינסטער. ר' לוי ב"ר בצלאל, אָדער מהר"ל, אַ 70-יאָריקער זקן, שטייט איבער אַן אָפּגעצייכנטן בערגל ליים און קנעט אינם ליים אַ גוף פון אַ מענטשן. דער גוף איז שוין פאַרטיק. לעבן אים שטייט ר' אברהם דער שמש, העלפט אים אין דער אַרבעט. מהר"ל הויבט זיך אויף פון איבערן גוף און רעדט צום שמש:

מהר"ל

שוין פאַרטיק. אַלץ איז פאַרטיק. איצטער לויף אין שול
צו יצחקן און יעקבן און הייס זיי קומען.

שמש

און איך זאָל שוין דאָרט בלייבן, רבי?

מהר"ל

פאַרבלייב אין שול. נאָר זע, אברהם,
זאָל זיין פאַרשלאָסן אין דיין האַרץ אויף אייביק
דער סוד, וואָס דו ביסט זוכה אים צו וויסן —
זאָלסט קיינמאָל זיך ניט אויסרעדן פאַר קיינעם.

שמש

אויף אייביק, רבי.

מהר"ל

און זיי זאָג אויך דערווייל ניט אויס, אַז אַלץ איז גרייט.
זיי דאַרפן אומגעריכטערהייט אַליין דערזען.
עס הויבט שוין אָן צו טאָגן, איַל.

שמש אָפּ

## מהר"ל

*בויגט זיך איבערן גוף*

יאָ, אַלץ איז גרייט און איינגעהילט אין פינסטערניש.
די גרויסע שעה פון ווונדער קומט צוזאַמען מיטן טאָג, —
און אז איך קוק אויף אָט דעם גרויסן גוף,
וואָס מיינע פינגער האָבן אויסגעקנאָטן און באַהעפט,
שוין זע איך, ווי עס שפּאַנט אַהער זיין שאָטן,
דער שאָטן פון אַ לעבעדיקן שוין...

*הויבט דעם קאָפּ צו דער הויך*

ווער בין איך דען צו זאָגן: איך באַהעפט? —
כ'בין בלינד געווען און דו האָסט זעענדיק געמאַכט מיך,
פון הימל־הויך אַ וויי געטאָן אויף מיינע ברעמען
און מיר אַנטפּלעקט דעם שלאָפנדיקן גוף.
ער שלאָפט שוין דאָ ווער ווייסט פון וויפיל דורות...
און ערגעץ וואַנדערט זיין נשמה אום פאַרבענקטערהייט.
צי האָט פון דורותדיקן וואַנדער די נשמה
צום שלאָפעדיקן גוף צוריק דעם וועג פאַרגעסן,
צי אפשר שלאָפט זי אויך אין ערגעץ־ווו באַזונדער
און וואַרט אויך, ווי דער גוף, דו זאָלסט אַ צווייטן מאָל
צעעפענען מיר מיינע ברעמען און אַנטפּלעקן...
אָט הער איך פליגלען דרייען זיך אַרום מיין קאָפּ,
די גאַנצע נאַכט אַרום איז פול מיט פלאַטער.
אַ וואַרטנדיקער אויסגעצויגן ליגט דער גוף,
אַן אָפּגעדעקטער קוקט אַרויף דער קאָפּ צום הימל
און פון די טויטע ליפּן רייסט זיך אַ געבעט...

*פאַרדעקט דעם פּנים מיט די הענט. שטייט אַ לאַנגע צייט. טרעט אָפּ אויף צוריק דערשראָקן*

ווער איז עס דורכגעפלויגן מיר פאַרביי די אויגן,
מיט עפּעס שטעכעדיקעס אָנגערירט מיין שטערן,
מיט עפּעס גרילצנדעס געשריען מיר אין אויער?



פון וואַנען קומט דער טעמפּער אָפּקלאַנג, וואָס איך הער?

*קוקט זיך אַרום און הערט זיך צו*

איך זע ניט קיינעם. שטיל. עס פליסט דער טייך,
עס לעשן זיך די שטערן איינער נאָכן צווייטן.
די מזרח־זייט האָט שוין געדאַרפט זיך דורכשיינען,
זי ווערט גאָר פינסטערער... אָ, שטאַרק מיך, בורא־עולם,
איך האָב אין מיטן פון מיין האָפערדיקער פרייד
דערזען אַ צווייטן שאָטן פון דעם גרויסן גוף...

*עס דערהערט זיך מיטאַמאָל אַ ווייטער שאָרך, און עפּעס דורכויס שוואַרצס שפּאַנט איבערן טייך, הויבט זיך און דרייט זיך אַרום זיך אַליין*

ווער טרעט עס אויף דער אויבערפלאַך פון טייך?
ווער נענטערט זיך צו מיר און ווערט ניט נענטער,
דערווייטערט זיך פון מיר און ווערט ניט ווייטער?

*דאָס געשטאַלט וואַקסט אויס פאַרן מהר"לס אויגן*

### מהר"ל

ווער ביסטו, פינסטער געשטאַלט?

### געשטאַלט

דערקענסט מיך ניט?

### מהר"ל

איך זע ניט דיין געזיכט.

### געשטאַלט

דערקענסטו ניט מיין קול?

### מהר"ל

דיין קול איז ווי אַ קאַלטער ווינט,
וואָס טראָגט זיך אין אַ טיפער גרוב אַרום
און האָט ניט קיין אַרויסגאַנג, קיין אַריינגאַנג.

### געשטאַלט

איך האָב אַ קול, וואָס איז נאָך ניט קיין קול,
איך האָב אַ האַרץ, וואָס איז נאָך ניט קיין האַרץ.

### מהר"ל

ווער ביסטו, זאָג, ווי רופט מען דיך ביים נאָמען?

### געשטאַלט

ערשט שפּעטער וועט מען מיך ביים נאָמען רופן,
דערווייל בין איך נאָך אויף דער וועלט ניטאָ,
דערווייל בין איך אַ שאָטן פון אַ שאָטן —

### מהר"ל

פון וואַנען קומסטו?

### געשטאַלט

איך בין געקומען וואַרגן דיך: באַשאַף מיך ניט,
ניט נעם מיך פון מיין רויקייט אַוועק.

### מהר"ל

פאַרשווינד, איך הייס.

### געשטאַלט

איך זאָג דיר נאָכאַמאָל און וואָרן דיך: באַשאַף מיך ניט.
דו זעסט: עס לעשן זיך די שטערן אַלע,
אַזוי וועט אויסגעלאָשן ווערן יעדער שיין
פון יעדנס אויג, וואָס וועט אַ קוק טאָן נאָר אויף מיר;
און ווו מיין פוס וועט נאָר אַ טראָט געבן
פאַרוויסטונג בלייבן וועט אויף יענעם אָרט,
צו וואָס איך וועל נאָר צולייגן מיין האַנט
אויף שטויב און אַש צעשאָטן וועט עס ווערן... —
ניט בייט מיר אויס מיין פינסטערניש, מיין שטילקייט
אויף דעם גערויש פון גאַסן און פון מענטשן.



### מהר"ל

אָ, העלף מיר אין דער שווערסטער רגע, גאָט.

### געשטאַלט

איך ווייס, דו וועסט ניט הערן מיין געבעט.
דאַרום בין איך געקומען וואָרנען דיך —
מיין וואָרנונג זאָל אויך זיין, ווי אַ געבעט.
דו האָסט אַ גאַנצע נאַכט געקנאָטן מיך,
געפורעמט מיך מיט קאַלטקייט און רציחה —
און מיר איז גוט אַזוי געווען צו זיין נאָר ליים,
צו ליגן טויט און רויק אויסגעמישט
מיט אַלע זעמדעלעך און שטיינדלעך פון דער ערד
פון אייביקייט ביז אייביקייט אַזוי...

### מהר"ל

פאַרשווינד צו דיין באַהעלטעניש, געשטאַלט.
עס זאָל דיין מורא פאַרן לעבן און דיין טרויער
מיט דיר אין דיין באַהעלטעניש אַוועק. —
ווען קומען וועט די שעה פון גרויסן וווּנדער,
אַזוי ווי עס אַנטלויפט די נאַכט פון מזרח,
אַזוי וועט דיין פאַרצווייפלונג אויך אַנטלויפן.
עס האָט מיך גאָט געשיקט, איך זאָל דיך קנעטן,
איך זאָל דיך אָפּטיילן פון שטיינערדיקן באָדן
און מיט דעם ערשטן שיין, וואָס צינדט זיך אָן אין הימל,
אַריינבלאָזן אין דיר אַ לעבעדיקן אָטעם.

### געשטאַלט

איך וויל ניט.

### מהר"ל

עס איז דיין רצון גאָרנישט. אָנגעצייכנט
שוין זענען אַלע וועגן, טעג און נעכט
פאַר דיר און אַלע מעשים דיינע.

דו ווערסט באַשאַפן ניט אַזוי זיך לעבן,
נאָר גרויסע וווּנדער טאָן, באַהאַלטן און פאַרבאָרגן.
געהיימניספולע וועלן זיין די מעשים דיינע.
ס'וועט קיינער פון דיין גבורה גאָרנישט וויסן,
אַ האָלץ-העקער, אַ וואַסער-טרעגער וועסטו זיין.

**געשטאַלט**

אַ גולם.

**מהר"ל**

אַ שליח פון אַ פאָלק, אַ גרויסער גבור.

**געשטאַלט**

אַ משרת — איבער וועמען צו געוועלטיקן.

**מהר"ל**

אַ לעבעדיקער מענטש.

**געשטאַלט**

אַ לעבעדיקער מענטש? וואָס שטייסטו און דו וואַרטסט?
וווּ איז שוין די נשמה, וואָס עס דאַרף אין מיר אַריינגעבלאָזן ווערן?
וואָס עפנסטו ניט אויף די אויגן מיר,
וואָס שטעלסטו ניט אַריין קיין האַרץ אין מיר?
וווּ איז די צונג, די ציין, וווּ איז דאָס בלוט,
וואָס דאַרף אין מיר אַריינגעגאָסן ווערן?
ווי ווילסטו, איך זאָל זיין? אַ בלינדער, צי אַ שטומער?
אַ הינקעדיקער, אפשר גאָר אַ טויבער?
און אפשר אַלץ צוזאַמען, זאָג... עס גייט די נאַכט אַוועק,
עס קומט דער טאָג. אָ, פינסטערניש, אָ, פינסטערניש,
איין רגע נאָך אין דיינע אָפּגרונטן פאַרדעק מיך,
און לאָז מיר זיין איין רגע נאָך וואָס ביז אַהער:
אַ טויטער בערגל אויסגעטריקנט ליים.

דאָס געשטאַלט הערט צעפלאָסן אין דער פינסטערניש —



**מהר"ל**

אין מיין געלייטערטער געהייליקטער כונה
אַ פינסטערניש האָט זיך אַריינגעריסן.
איך האָב אַליין מיט מיינע שרעקעדיקע ווערטער
אַ פגימה אין דעם קומענדיקנס האַרץ געמאַכט.
אָ, איך האָב ניט באַגײַשטאַנען דעם נסיון
און האָב ניט אויסגעהיט מיין האַרץ פון טרויער,
פון צער און פון רחמנות... שווער און שווערער
איצט פאַלט אויף מיר מיין שרעקעדיקער וואָרט.
איך האָב אַליין מיט מיינע הענט זיין מזל אָפּגעווענדט
צום וועג פון פיין, צעטומלעניש, צעמישונג...
און וואָכן-לאַנג דורך גאַנצע טעג און נעכט
איך האָב מיין מח און מיין האַרץ געלייטערט,
איינגאַנצן אויסגעטאָן פון זיך און פון דער וועלט,
אין איין מחשבה, ד י י ן מחשבה, זיך פאַרוואַנדלט.
איך האָב געזען פאַר זיך נאָר איינעם, איינעם:
אָט קומט ער און אָט עפנט ער די אויגן.
אַ שמייכל אַ באַהאַלטענער אויף זיינע ליפּן
און גבורה אייזערנע אין זיינע אָרעמס.
ער זעט — און קיינער ווייס ניט, אַז ער זעט,
ער גייט — און קיינער ווייס ניט זיינע וועגן,
זיין לעבן און זיין טויט — איין שטילער אָטעם,
איין רויקער, פאַרבאָרגענער בטחון...
ער קומט ניט צווישן קיינעם און ער רעדט ניט,
ער ליגט זיך אַ פאַרוואָרפענער אין ערגעץ
און וואַרט אויף דער מינוט צו זיין גערופן...
און איצט וואָס זאָל איך טאָן? אין לעבעדיקן וואָרט
אַריינגעכאַפּט האָט זיך דער צווייפל און דער שרעק,
די ביטערע און כּעסדיקע איינזאַמקייט...
איך זע, איך בין ניט ווערט אין דיינע אויגן;
און אפשר האָב איך צופיל זיך געגרויסט,
אַריינקוקן געוואָלט אַהין, ווו קיין מענטש נאָך

האָט ניט אַריינגעקוקט ביז היינט... איך זע, איך זע –
וואָס בין איך געגן דיר ? – אַ וואָרעם קליין,
אַליין – אַ שטיקל ערד, אַ זעמדל שטיב...

*לאַנגע שטילשווייגונג*

*עס באַווייזט זיך דאָס געשטאַלט פונם בומר טאַדעוש. ער גייט גלייך אַנטקעגן מהר*

### מהר"ל

טאַדעוש. יאָ, ס'איז ער, ער גייט אַנטקעגן,
איך האָב נאָר וואָס דערמאָנט אים אין געדאַנק, –
פון גאָט אַ צווייטער סימן זאָל עס זיין ?

### געשטאַלט

*שלאָגט זיך אָפּ אָן מהר"ל. טרעט אָפּ צוריק*

וואָס טוסטו דאָ אין מיטן נאכט ?

### מהר"ל

ניט מיטן נאכט, נאָר אָנהויב טאָג איז שוין.

### געשטאַלט

וואָס טוסטו דאָ אין אָנהויב טאָג ?

### מהר"ל

איך טו אין אָנהויב טאָג, וואָס גאָט פאַרזאָגט מיר טאָן.

### געשטאַלט

און וואָס האָט גאָט פאַרזאָגט דיר טאָן אַזוינס,
וואָס איך זאָל דאַרפן קומען זיין דערביי ?

### מהר"ל

דו דאַרפסט ניט זיין. קאָנסט ווייטער גיין דיין וועג.

### געשטאַלט

אַז איך קאָן גיין מיין וועג, דאָס איז באַוווסט.
טאַדעוש גיט אַן עצה זיך אַליין.



נאָר זע, פונוואַנען קומען דאָס צו דיר אַזוינע אויגן ?
רציחה שפּריצט פון זיי און שוואַרצע גבורה.
ווי קומט רציחה צו אַ רב ? איך האָב שוין אין מיין לעבן,
אין תפיסות און אויף שייטערס פונם הייליקן געריכט,
געזען אַזויפיל פּנימער פון יידן,
אַזויפיל אויגן אַלערלייִקע, און קיינמאָל נאָך
האָט ניט געמאַכט זיך מיר צו זען אַ יידנס אויגן,
וואָס זאָלן טאָן אַ קוק אויף דיר מיט אמתער
גזלנישער רציחה, בייזן האַס, ווי דיינע איצט –
זיי זעען אויס, ווי אויגן פון אַ ווילדן גולם..

### מהר"ל

*פאַרדעקט זיך מיט די הענט. זיינע אַקסלען צוקן*

### געשטאַלט

וואָס האָסטו מיט אַמאָל פאַרדעקט דאָס פּנים ?
געבליבן שטיל ? און וואָס איז דאָס ? ווער ליגט דאָ אויף דער ערד ?
אַ מת, צי וואָס ? די גאַנצע צייט איך שטיי
און ניט באַמערקט.

*בויגט זיך איין און קוקט אויפן ליימיקן גוף*

וואָס זעען מיינע אויגן ?
וואָס טוט זיך דאָ ? אַ מענטש פון ליים געקנאָטן
ליגט אויסגעצויגן אויף דער ערד –

*טרעט אָפּ און צלמט זיך*

אָ, יעזוס הייליקער !

### מהר"ל

ביז וואַנען ער וועט זוכה זיין צום לעבן,
אַ האַנט אַ הויב טאָן, אויפשטעלן אַ פוס,
טראָג א י ך דערווייל דעם קוק פון זיינע אויגן –

### געשטאַלט

באַשיץ מיך פון ניט־גוטן און פון אַלע
ניט־געצלמטע, פאַרשאָלטענע, אָ, יעזוס...

*פאַרשווינדט*

### מהר"ל

שווייגט אַ לאַנגע צייט. כאַפּט זיך אויף ווי פון פאַרגעסנהייט. קוקט זיך אום

אַ צווייטער צייכן זאָל עס זיין פון דיר?
איך זע, עס מוז געשען. די האַנט פון גאָט
האָט מיך צוזאַמען מיט דעם בערגל לייס
אַריינגערינגלט אין איין רינג, צונויפגעפּאָרט...
און אַלץ, וואָס איך פאַרטראַכט, דערזע איך,
און אַלץ וואָס איך דערזע וועט קומען...
עס מוז געשען, עס מוז...
און איצט איז גוט און ליכטיק אויף מיין האַרצן –
ווייל איך – וואָס בין איך?.. דיינע צייכנס זענען אמת, –
עס מוז געשען, עס מוז...

עס קומען פונעם וועג פון שטאָט מהר"לס צוויי תלמידים, יצחק הכהן און יעקב הלוי. יעקב טראָגט אין האַנט אַ פּעקל קליידער. זיי קומען שטיל, קוים רירנדיק די ערד מיט די פיס

### מהר"ל

גייט זיי אַנטקעגן

איר זיינט אין צייט געקומען, קינדער.

### יצחק

עס טאָגט שוין, רבי.

### מהר"ל

האָט קיינער אייך באַמערקט?

### יעקב

מיר זיינען אָן דער זייט פון וועג געגאַנגען.

### מהר"ל

איר האָט אין שול די גאַנצע נאַכט פאַרבראַכט?

### יצחק

די גאַנצע נאַכט. באַזונדער איינער פונעם צווייטן
געשטאַנען זיינען מיר און תפלה הויך געטאָן,



ביז האַלבע נאַכט קיין ליכט ניט אָנגעצונדן.
די פינסטערניש האָט אונז אַרומגעכאַפּט,
ווי מיט אַ דיקער וואַנט צעשיידט אונז איינס פון צווייטן,
אַזוי דערווייטערט, אַז דער קול פון יעדן
האָט צו דעם צווייטנס אויער ניט געקאָנט דערגרייכן.
פון אָנפאַנג האָט די ווייטקייט מיך געשראָקן,
אַזוי ווי איך וואָלט ערגעץ אין אַ שוואַרצן וואַלד
געזוכט אַ וועג, און ניט געפונענדיק, געלאָפן
אַלץ שנעלער און אַלץ ווייטער אין זיין טיפקייט.
נאָר מיטאַמאָל האָב איך אינגאַנצן זיך באַרויקט,
און טיפער נאָך און טיפער זיך דערווייטערט...

### יעקב

און נאָכדעם, רבי, הערט וואָס איז געשען:
מיר שטייען, דאַכט זיך, איינער פונם אַנדערן פון ווייטן,
און פינסטער איז, מיר רירן ניט פון אָרט זיך,
אַזוי ווי צוגעקלעפּט מיר וואָלטן זיין צום באָדן,
און יעדן דאַכט זיך, אַז ער איז נאָר איינער,
אַליין אין שול... אָט קומט אָן האַלבע נאַכט און מיר,
ווי איר האָט אונז פאַרזאָגט, מיר צינדן אָן די ליכט,
וואָס יעדער האָט פון פריער אָנגעגרייט –
ערשט – וווּנדער זעען מיר: מיר שטייען ביידע
דערנענטערט איינער לעבן צווייטן האַנט ביי האַנט,
און ביידנס ליכט זיי שיינען אונז אין פּנים...

### יצחק

אַ גרויסער וווּנדער, רבי.

### מהר"ל

אַ גוטער סימן, קינדער, אייער האַרץ
עס האָט געלייטערט זיך דורך תפלות,
געוואָרן ראוי צו דער גרויסער ברכה,
וואָס אייער מויל וועט דאַרפן באַלד אַרויסזאָגן.

יצחק

מען מעג אויף אים אַ קוק טאָן, רבי?

מהר"ל

איר מעגט. גייט צו און טוט אַ קוק.

ביידע בויגן זיך צום גוף און קוקן

יעקב

דערווייל נאָך זעט מען גאָרנישט. ליים.

יצחק

אָט נעמט דער ליים און עפנט אויף אַן אויג...

יעקב

און טוט אַ הויב אַ פוס. —

יצחק

און טוט אַ קרים דאָס פנים, טוט אַ לאַך...

שפרינגט אָפּ אַ דערשראָקענער

מהר"ל

וואָס איז דיר, יצחק?

יצחק

דערשראָקן זיך. אַ קוק געטאָן אויף אים.
דערמאָנט זיך אָן אַ חלום אַ געזעענעם.

מהר"ל

אַ חלום? ווען?

יצחק

איך האָב געזינדיקט, רבי, זייט מיר מוחל.
אין האַלבער נאַכט, ווען אָנגעצונדן האָבן מיר די ליכט,
אַ ספר-תורה האָבן מיר פון ארון-קודש,
ווי איר האָט אונז פאַרזאָגט, אַרויסגענומען.
זי אָפּגעוויקלט, אויפגעמישט די סדרה בראשית,



און איינער האָט דעם צווייטן אויפגערופן,
און יעדער האָט געלייענט זיבן מאָל
די ערשטע פרשה; קיינער האָט די קריאה
ניט געשטערט. מיר האָבן זיך די ספר-תורה
צוריק אַריינגעשטעלט אין ארון-קודש,
און שטיל פאַר זיך גענומען זאָגן תהלים.
און ווי איך שטיי אַזוי געווענדט צום וואַנט און זאָג,
ערשט מיינע ברעמען האָבן זיך גענומען קלעפּן.
איך שטאַרק זיך ניט איינצושלאָפן, און נעם נאָך העכער
דעם תהלים זאָגן... מיטאַמאָל, איך הער, געשרייען,
פאַרצווייפלטע געוויינען. ווערן נענטער, נענטער.
עס טוט אַ פראַל די טיר און אַלע פענסטער.
די שול ווערט פול מיט יידן טויט-דערשראָקענע,
זיי וואַרפן זיך אין אַלע ווינקלען און זיי פאַלן,
צעלייגן זיך אָן אָטעם אונטער אַלע טישן...
און ווי זיי ליגן שטום אַזוי, — עס פליט אַריין
אַ מאָדנער מענטש אַזאַ, אַ הויכער מיט אַ גרויסן קאָפּ,
מיט לאַנגע הענט און גרינע שטעכעדיקע אויגן,
ער האַלט אַ שווערד אין האַנט און פעכט אין אַלע זייטן,
אַראָפּ, אַרויף, און שניידט אויף רעכטס און לינקס.
אָט ליגן אַלע שוין צעשניטענע אויף בלוט,
פאַרדעקטע אין דער פינסטערניש און גוססן...
אָט הויבט ער אויף די האַנט אויף מיר און וויל זי שוין
אַראָפּלאָזן אויף מיין קאָפּ אויך, — ערשט מיטאַמאָל
זיינט איר אַריינגעקומען, רבי.

מהר"ל

איך?

יצחק

און ווי ער האָט נאָר אייך דערזען, אַזוי איז ער
געבליבן אָפּהענטיק, אַראָפּגעלאָזט די שווערד,
גענומען גיין צום טיר, נאָר איר האָט אים דעם וועג

פאַרשטעלט, אַרויסגעכאַפּט די שווערד פון זיינע הענט
און איבער זיין געזיכט אַ זעץ געטאָן, און — וויי,
איר האָט אים ניט געטראָפן —

מהר״ל

אויסער זיך

ניט געטראָפן?

יצחק

געטראָפן אין דער לופט.

מהר״ל

ער איז אַנטלאָפן?

יצחק

ניין, ער איז צעשוווּמען, ווי אַ שאָטן ניט געוואָרן.
דאָס ליים־געשטאַלט האָט מיר דערמאָנט אָן אים.

מהר״ל

פאַר זיך

אזויפיל צייכנס! אַזויפיל שלעכטע צייכנס.
צי וועט קיין איינציק שטראַל ניט דורכשיינען דורך זיי?
דורך אַלע וועגן פיר מיך, דורך אַלע וועגן,
נאָר זאָל דורך אַלץ, וואָס איז פאַר מיר פאַרשטעלט,
זיך דורכרייסן דער איין און איינציק שיין פאַר מיר...

יעקב

מען האָט אין שול גערעדט פון שלעכטע צייטן,
פאַרצייטיקע און איצטיקע, פון אַלע קלאַנגען,
וואָס גייען אום אין פראג, פון איינעם אַ רוצח,
וואָס האָט געמאָרדעט יידן קליין און גרויס,
איז האָט זיך אים געחלומט, רבי, איצט פון דעם —

מהר״ל

יאָ, שלעכטע צייטן קומען אָן אויף אונז, תלמידים מיינע,
און יעדערער פון אונז ער ווערט געבראַכט



צו שווערע אומפאַרמיידלעכע נסיונות...
און מיט די שלעכטע קומען אויך די גרויסע צייטן,
מיר דאַרפן גרייטן זיך און גיין אַנטקעגן זיי...
און איצט, איר זעט, האָט גאָט געבראַכט אונז
צום אָנפאנג פון די שווערע גרויסע צייטן...
איך זע אויף אייך, איר שרעקט זיך פון דעם אַלעם,
איר שטייט געקלעמט אין אַנגסטן.

יצחק

מיר ציטערן די הענט פון שרעק. אוועקלייגן דאָס פעקל, רבי?

מהר״ל

איז אַלץ דאָ אינעם פעקל?

יצחק

אַלץ, רבי.

יעקב

עס טאָגט שוין באַלד.

יצחק

און ווו וועט ער זיך אויפהאַלטן, אין שול?

מהר״ל

ניט פרעגט אויף גאָר נישט מער. האַלט איין די שרעק,
באַהאַלט זי טיף אין האַרץ, און מיט דער שרעק
פאַרבאָרגט אויך אַלץ, וואָס איר וועט זען און הערן דאָ.
און איצט קומט צו צום וואַסער אָפּגיסן די הענט...

גייען צום טייך

---

דער חדר-מיוחד פון מהר״ל. באַגינען. מהר״ל קומט אַריין, דער באַשטאַפענער פּלייבט שטיין אויף יענער זייט טיר. ער איז הויך און די טיר זו נידעריק, אַז מען דאַרף זיך איינבויגן וועט ער ניט

## מהר״ל

בויג איין דעם קאָפּ. די טיר איז נידעריק און דו
ביסט הויך; זאָלסט וויסן אַלע מאָל — אַ הויכער,
וואָס וויל אַריינגיין אין אַ נידעריקער טיר,
דאַרף איינבויגן דעם קאָפּ. דו זעסט — אַזוי.

ווייזט ווי מען בויגט איין דעם קאָפּ

## גולם

קומט אַריין אַן איינגעבויגענער און שטייט

## מהר״ל

הויב אויף דעם קאָפּ און גלייך זיך אויס.

## גולם

גלייכט זיך אויס. שטייט שטום. ער איז שטאַרק און ריזיק. ברייטע אויגן; עטוואָס טעמפּט אין זיי און שוואַרץ און אין דער זעלבער צייט קינדיש. גראָבלעכע ליפּן מיט טיפע הינקלען פאַרענדיקט. אַ פאַרגליווערטער שמייכל אויף זיי. דער שמייכל — פון גאַרניסט. און אָט, דאַכט זיך, נעמט דער שמייכל און צעקרימט זיך און ברעכט אויס אין אַ געוויין. געגרייזלטע שוואַרצע האָר אויף זיין קאָפּ. אַזוי אויך די האָנצעס און די באָרד. די אויגן זיינע עפענען זיך אַלץ מער און מער פאַנאַנדער, קוקן צעגלאָצטע אויף אַלץ אַרום

## מהר״ל

די אויגן דיינע זיינען אָפן. דו האָסט געזען
דעם הימל שוין, די זון, וואָס גייט אין מזרח אויף,

באַגעגנט יידן שוין אין גאַס, און דיינע פיס
זיי האָבן שוין געטראָטן איבער גאַסן, הויפן.
איך האָב גערעדט צו דיר און רעד אויך איצט צו דיר.

גולם

שווייגט

מהר"ל

דו האָסט אַ מויל און ציין, אַ צינג צום רעדן, —
וואָס שווייגסטו?

גולם

שטומט

מהר"ל

רעד, איך הייס דיר רעדן. יאָסל איז דיין נאָמען.

גולם

ציטערט אויף

יאָסל?

מהר"ל

דו ביסט אַ מענטש.

גולם

אַ מענטש.

מהר"ל

דו האָסט אַ האַרץ צום לעבן.

גולם

צום לעבן.

מהר"ל

שטיי ניט אָפּהענטיק אַזוי.
דיין נאָמען דאָך געדענקסטו —



גולם

שווייגט

מהר"ל

האָסט פאַרגעסן? יאָסל איז דיין נאָמען. זאָלסט געדענקען.

גולם

יאָסל.

מהר"ל

און מיך ווי רופט מען, ווייסטו?

גולם

רבי.

נעמט שפאַנען איבערן שטוב, קריכט איבער די בענק, טיש, וואַרפט זיי אום
שפּאַרט זיך צו דער וואַנט. שטויסט זי. די שויבן ציטערן

מהר"ל

וואָס טוסטו? שטיי. וועסט אויפוועקן פון שלאָף
דאָס גאַנצע הויז.

גולם

איך וויל אַרויס פון דאַנען.

שלאָגט אין וואַנט

מהר"ל

איך זאָג דיר — שטיי. אַרום אַ באַנק, אַ טיש,
מען גייט פאַרביי און ניט מען קערט זיי איבער,
און דורכגיין דורך אַ וואַנט אויך קאָן ניט קיינער.
איך זאָג דיר, שטיי, ניט שלאָג אין וואַנט.

גולם

איך וויל אַרויס פון דאַנען.

מהר״ל

איך האָב דאָך אויפן וועג שוין דיר פאַרזאָגט,
זאָלסט פאָלגן אַלץ, וואָס איך וועל דיר באַפעלן.

גולם

*זעצט זיך אַראָפּ אויפן דיל, הילפלאָז*

איך פאָלג דיר, רבי.

מהר״ל

אַלעמאָל זאָלסטו
צו מיינע רייד זיך צוהערן און ניט פאַרגעסן.
געדענקסט דיין נאָמען ?

גולם

יאָסל רופט מען מיך, איך ווייס.

מהר״ל

שטיי אויף פון דיל און זעץ זיך אויפן באַנק.

*ער נעמט אים פאַר אַ האַנט, העלפט אים אויפשטעלן זיך, זעצט אים אַוועק אויפן באַנק*

ביסט מיד, איך זע, דו קומסט פון ערגעץ ווייט.
ניט האָב קיין מורא. ביסט אַ גוטער אורח דאָ.

גולם

אַ גוטער אורח דאָ.

*קוקט זיך אַרום און שמייכלט*

מהר״ל

וואָס שמייכלסטו ?

גולם

איך ווייס ניט, רבי. אויף די שויבן ברענט עפּעס.
איך ווייס ניט, רבי.



מהר״ל

די זון גייט אויף אַנטקעגן.

גולם

דיין באָרד איז לאַנג און ווייס. און מיינע — שוואַרץ.

מהר״ל

אַהינטערן שטאָט האָב איך דערזען דיך ליגנדיק.
דו ביסט געשלאָפן שטאַרק.

גולם

איך ווייס ניט, רבי,
אַ פייער קומט פון ערגעץ צו די שויבן,
ער ווערט אַלץ רויטער, גרעסער. אויף די ווענט
זיי ווערן אָנגעצונדן, זע, און אויך דיין פּנים. . .

*שפּרינגט אויף און לאָזט זיך ווידער שפּאַנען*

מהר״ל

וווהין ?

גולם

אַהין. צום פייער. כ׳האָב מורא דאָ צו זיין.

מהר״ל

דו טאָרסט ניט גיין.

גולם

איך וויל אַהין, איך וויל.
דו ביסט אַנטקעגן מיר אַ קלייניקער אַזאַ,
אַן אַלטינקער, אַ קליינער קאָפּ אַזאַ ביי דיר,
דו רעדסט צו מיר און טרייסלסט זיך.
עס ציטערן די הענט ביי דיר.

מהר״ל

האָסט ווידער שוין פאַרגעסן ווער איך בין !

גולם

איך ווייס נישט.

מהר"ל

וועסט מיין משרת זיין.
אויף דעם ביסטו אין הויז צו מיר געקומען,
וועסט זיין אינגאנצן אונטער מיין רשות.

גולם

וואָס דאַרף איך טאָן ?

מהר"ל

דערווייל נאָך גאָרנישט.
וועסט וווינען דאָ, צי אפשר ערגעץ אַנדערש.
דו ווילסט אין מיין הויז וווינען ?

גולם

ניין.

מהר"ל

דו קאָנסט אין ערגעץ ניט אַוועקגיין. ביסט אַ פרעמדער.
ביי מיר אין הויז וועט זיין דיר גוט און היימיש.

גולם

עס הויבט זיך עפּעס אינווייניק אין מיר און ווערגט,
און קלאַפּט, אַ קלינגעריי אין ביידע אויערן,
און פאַר די אויגן — רויט און גרין...
און מיינע פיס זיי הויבן זיך, זיי ווילן גיין,
און מיינע הענט אָט גיבן זיי אַ כאַפּ דיך פאַרן האַלז
און טראָגן זיך אַוועק מיט דיר... וואָס איז דאָ, זאָג,
איך וויל אַנטלויפן און איך קאָן ניט.

שרייט

זאָג, וואָס איז דאָ ?



איך וויל אַ זעץ טאָן מיט אַ האַנט דיר איבערן קאָפּ —
און קאָן זיך ניט אַ ריר טאָן... זע, איך פאַל באַלד אום,
עס דרייען זיך די ווענט אַרום,
דער פייער דורך די שויבן ווערט אַלץ גרעסער,
עס קומען זיך די ווענט צוזאַמען מיט דער טיר
און ווילן זיך אויף מיר אַ וואָרף טאָן. לאָז מיך גיין...
איך וויל צעשליידערן, צעוואַרפן... כ'וועל מיין קאָפּ
אַראָפּדרייען פון זיך אַליין און אויך די הענט און פיס.
פאַרלעש דאָס פייער אַרום מיר,
נעם צו די ווענט.

ער שטויסט זיך מיט ווילדקייט אין וואַנט אַריין, קלאַפּט מיט די פויסטן. די ווענט טרייסלען זיך

מהר"ל

איך הייס דיר ווערן רויק.
עס הויבן אָן צו קומען אין דיין גוף די גרויסע כחות,
זיי רייניקן פאַר זיך אַ וועג אין דיין נשמה.
די שוואַרצע פינסטערניש, דער גלגול פון דיין לעבן,
ניט אָפּגעלאָזט האָט נאָך דיין קאָפּ און האַרץ
און רעדט אַרויס פון דיר מיט אומריינקייט און פלוך...

ער ליגט אַרויף די הענט אויפן גולם קאָפּ, גלעט אים און נעמט אים איין

עס צוקן דיינע אַקסלען. זעץ זיך. אָטעם אָפּ.
איך האָב פאָרויסגעזען דעם אויסברוך פון דיין האַס.
ביז וואַנען עס וועט קומען יענע שעה פון קלאָרער פרייד,
פון אויסגעלייטערטן געוויין, פון שטראַלנדיקער רו —
זאָל אויפהערן דערווייל דיין בלינדער שרעק,
זאָל פאַלן אויף דיין האַרץ דערווייל מיין ערשטע ברכה,
מיין ערשטע טרייסט אויף דיין צעטומלטן געדאַנק.
דו ווייסט ניט ווער דו ביסט, און וווּנדערסט זיך מיט שרעק
אויף זיך אַליין, אויף דיינע הענט און פיס ;
עס האָט מיט דיר געטראָפן עפּעס וואָס אַזוינס,
וואָס האָט אין דיין זכרון אָפּגעמעקט דיין גאַנצן לעבן

ביז היינט צו טאָג. . . דו הויבסט אָן פון דאָס ניי. . .
אַ גאַסט ביסטו ביי מיר, אַ גוטער גאַסט,
און דאָס אַליין איז שוין גענוג דו זאָלסט דערזען
דעם ערשטן אָפשיין פון דיין ערשטער האָפנונג. —
פאַרוואַרף ניט אַזוי שווער דעם קאָפּ.

מען גייט אַהער.

האָסט אויפגעוועקט דאָס גאַנצע הויז. זאָלסט גאָרנישט רעדן.
דו ביסט אַ גאַסט געקומען פון דער ווייטער פרעמד —
און דאָס וועט זיין דיין ענטפער.

## ג ו ל ם

איך בין אַ גאַסט געקומען פון דער ווייטער פרעמד,
פאַרגעסן אַלץ, וואָס איז מיט מיר געוועזן. . .

ר ב י צ י ן און ד ב ו ר ה ל קומען אַריין דערשראָקענע אויפגעוועקטע פון שלאָף

## ר ב י צ י ן

וואָס טוט זיך דאָ ? ווער האָט אַזוי די שטוב געטרייסלט ?

## ד ב ו ר ה ל

אַזוינע שרעקלעכע געשרייען, זיידע.

## מ ה ר" ל

עס האָט זיך אייך געחלומט.

## ר ב י צ י ן

גאָר געחלומט —
עס האָט מיך פונם בעט אַרויסגעשליידערט.
אַזוינע גוואַלטן. . . זע, ווער זיצט עס דאָ ?
ווער איז ער, אריה לוי ?

## ד ב ו ר ה ל

אוי, אַ מענטש אַ מאָדנער.



## מ ה ר" ל

וואָס האָט איר זיך אַזוי דערשראָקן ביידע ?
אַן אורח פון דער פרעמד. פון טבילה גייענדיק
ייִרזען האָב איך אים ליגנדיק אין גאַס
אַן אויסגעמאַטערטן פון וועג. ווער איז ער ? וואָס ? —
איך קאָן ביי אים ביז איצט נאָך ניט דערגיין.
ער רעדט אַזוי ניט קלאָר און ניט פאַרשטענדלעך,
אַז בעסער שוין מען זאָל אים גאָר נישט פרעגן. —
אַן אָרעמאַן ווייזט אויס.

## ד ב ו ר ה ל

ער זעט אויס אומגליקלעך אַזוי—

## ר ב י צ י ן

און קוקט ניט אויס גאָר ווי אַ ייד. אַזוינע הענט,
אַזוינע אַקסלען האָט עס דיר אַ מענטש. —
עס שרעקט מיך עפּעס, אריה לוי. —

## מ ה ר" ל

שרעק זיך ניט.
דאָס זעט ער אויס אַזוי פון וועג.

## ד ב ו ר ה ל

אוי, באָבע, קוק.
אַזוינע אויגן שטעלט ער אויס אויף מיר ! —
וואָס וויל ער, זיידע ? פרעג אים.

## מ ה ר" ל

גייט אין שטוב.
ער איז אַ שווייגנדיקער מענש. ער ענטפערט ניט.

## ד ב ו ר ה ל

אָט הויבט ער ווידער אויף דעם קאָפּ און קוקט.
אַזוינע גלאַנציקע און טרויעריקע אויגן.

### רביצין

גיט קוק אויף אים, קום גיין פון דאַנען, טאָכטער;
אָן אָרעמאַן — מען דאַרף אויף אים רחמנות האָבן. נאָר
דער מענטש געפעלט מיר ניט. ווי רופט מען אייך, ר׳ אורח?

### גולם

יאָסל.

שמייכלט. שטעלט זיך אויף און קוקט אָנגעשטרענגט מיט באַוואונדערונג אויף דבורה׳לען

רבי, ווער איז זי?
וואָס האָט זי מורא, רבי? וואָס אַנטלויפט זי?

### דבורהל

באַהאַלט מיך, באָבע; קום אַרויס פון דאַנען,
ער קוקט אויף מיר. איך שרעק מיך.

### רביצין

זעסט —
דאָס קינד דערשראָקן. אַ משוגענער צי וואָס?
אַזוינע אויגן שטעלט עס אויס אַ מענטש!

### מהר״ל

וואָס קוקסטו, יאָסל?

### גולם

ווער איז זי, רבי? וואָס אַנטלויפט זי?

### מהר״ל

זי איז מיין טאָכטער, הערסט? זאָלסט וויסן.
זאָלסט גאָרנישט רעדן וועגן איר.

### גולם

עס הענגען
אריבער אירע אַקסלען אירע לאַנגע האָר. —



### דבורהל

וואָס רעדט ער, באָבע? קום, כ׳האָב מורא.

### רביצין

אַ חרפה גאָר אַזוינס צו הערן.

### מהר״ל

ער ווייס אַליין ניט וואָס ער רעדט. ער איז צעטומלט,
געצירט, ווייזט אויס, אַ ביסל פונם זינען...

### גולם

פלוצלינג

עסן.

### מהר״ל

עסן? יאָ, גיי ברענג אים וואָס.

### רביצין

נאָך פאַרן דאַוונען?

### מהר״ל

זעסט ניט, ווער ער איז?

### רביצין

דו, טאָכטער, קאָנסט נאָך שלאָפן גיין אַ ביסל,
איך וועל אַליין שוין ברענגען אים צו עסן.

רביצין און דבורהל אָפּ

### גולם

וווהין איז זי אַוועק?

### מהר״ל

דיר עסן ברענגען.

### גולם

דערנאָך וועט זי פון מיר שוין ניט אַוועקגיין ?

### מהר״ל

איך האָב דיר שוין געזאָגט: זי איז מיין טאָכטער,
זאָלסט גאָרנישט רעדן און ניט טראַכטן וועגן איר.

מיט שאַרפקייט

איך זע, ביסט גאָר אַן אַנדערער געוואָרן,
אין איין מינוט אַן אויפגעציטערטער אַ שפרונג געטאָן.

### גולם

עס איז מיר גוט געווען, ווען יעדעס מאָל
זי האָט געקוקט אויף מיר.

### מהר״ל

זיי שטיל !

### גולם

און פאַר אַ האַנט אויך טאָר איך זי ניט נעמען ?

### מהר״ל

אפילו קוקן טאָרסטו ניט אויף איר... זיי וויסן —
פאַר דיר איז אָנגעצייכנט גאָר אַן אַנדער לעבן,
אַן אַנדער לופט צו אָטעמען, אַן אַנדער שפּראַך.
דו וועסט עס מיט דער צייט דערזען, דערפילן. —
דערווייל זיי שטום, פאַרשלאָסן אין דיין שטומקייט.
דו הערסט — זיי שטום.

### גולם

צו קיינעם גאָרנישט רעדן ?

### מהר״ל

נאָר ענטפערן אויף וואָס מען פרעגט דיך, און ניט מער.
מיט מענטשן זאָלסטו זיין פון וויטן. קומסט אַריין



אין שול, צי ערגעץ אַנדערש — אין אַ ווינקל
אַן אָפּגעזונדערטער פאַרנעם אַן אָרט. וועט צוגיין ווער
און עפּעס פרעגן דיך, אָן בייזקייט ענטפער.
דיין אָפּגעזונדערטקייט איז ניט קיין שטראָף, קיין אומגליק, —
עס איז דער וועג, וואָס וועט צו וווּנדער און צו פרייד
דיך פירן. —

### גולם

זעצט זיך, פאַרוואַרפט מיטן קאָפּ

פינסטער ווערט מיט אַמאָל.
איך זע שוין גאָרניט, רבי. — האַלט מיך צו,
איך פאַל.

### מהר״ל

דו פאַלסט ניט. הונגעריק ביסטו.

רביצין קומט אַריין און דבורהל נאָך איר. רביצין ברענגט מילך און ברויט און אַ קרוג מיט וואַסער. דער גולם זיצט אַראָפּגעזונקען איבערן טיש

### רביצין

וואַשט זיך, ר׳ אורח.

### גולם

זיצט אומבאַוועגלעך

### רביצין

וואָס איז אים, אריה לוי ? זע, ער הויבט ניט אויף
דעם קאָפּ —

### דבורהל

ער שלאָפט, צי וואָס ?

### רביצין

ר׳ אורח, וואַשט זיך עסן. אָט איז וואַסער.
וואָס שווייגט ער, אריה לוי ? פרעג אים דו.

גולם

הויבט אויף די אויגן און שווייגט

רביצין

איר ווילט דאָך עסן. וואַשט זיך.

מהר"ל

שטעל אַוועק.
ער וועט שוין עסן. — וואַש זיך, יאָסל.

דער גולם גיסט דאָס וואסער אויף די הענט, ווישט זיי אָפּ אומגעלומפּערט און האַנטוך, וואָס די רביצין האַלט צו. רעדט גאָרנישט. נעמט עסן מיט אַפּעטיט

רביצין

קיין ברכה, קיין המוציא. — זע, ווי הונגעריק
ער שלינגט דאָס ברויט. אַ צער צו קוקן.

מהר"ל

איך זאָל אים אפשר הייסן דאָ פאַרבלייבן?

רביצין

בײַ אונז?

מהר"ל

איך דאַרף דאָך אַ משרת סיי ווי סיי.
און פאַר דער שול אַ האָלץ־העקער, אַ וואַסער־טרעגער.

רביצין

דאָס קינד האָט זיך אַזוי פאַר אים דערשראָקן. —
און גאָט ווייס, חס ושלום, ווער ער איז אַזוינס?

מהר"ל

אַ מענטש, מען זעט, אַן ערלעכער, אַן עלנדער.

רביצין

דו מיינסט אַזוי, מסתמא ווייסטו בעסער —
נאָר איך —



מהר"ל

האָסט מורא?

רביצין

יאָ, זאָל גאָט מיך נאָר ניט שטראָפן.

מהר"ל

ניטאָ פאַר וואָס מורא צו האָבן. גאָט האָט אין דער רעכטער צייט
געשיקט אים מיר אין וועג אַנטקעגן.

רביצין

וואָס מיינסטו, אריה לוי?

מהר"ל

איך דאַרף שוין לאַנג
אַ משרת האָבן, אַ געזונטן מענטש ווי ער...

רביצין

מסתמא ווייסטו, אריה לוי. — איך וועל גיין.

צום גולם

אייך ברענגען אפשר עפּעס נאָך צום עסן?

גולם

שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין

רביצין

צו דבורהלען

וואָס גייסטו נאָך נאָך מיר? גיי לייג זיך שלאָפן.

דבורהל

כ'האָב מורא, באָבע.

רביצין

אַ קינד ביסטו, צי וואָס.

מהר"ל

ליגט ארויף א האנט אויף דבורהלעס קאפ

ניט האָב קיין מורא, טאָכטער.

דבורהל

ער בלייבט אויף שטענדיק דאָ?

מהר"ל

איך ווייס נאָך ניט.

דבורהל

ער נעמט נאָך אַלץ די אויגן ניט אַראָפּ פון מיר.

זי גייט ארויס צוזאמען מיט דער רביצין

מהר"ל

נו, ביסט שוין זאַט?

גולם

מיר קלעפּן זיך די אויגן, רבי.

מהר"ל

זיי קלעפּן זיך? ס'איז גוט. דו ווערסט זיך דורכשלאָפן.
אַן אַנדער וועלט וועסטו דערזען דערנאָך.

גולם

שאָקלט זיך אין דרימל. טוט זיך א כאפּ פלוצלינג

איך וויל אַוועקגיין. עפּעס ציט מיך גיין.

מהר"ל

שוין ווידער. טאָרסט אין ערגעץ ניט ; וועקגיין.

גולם

און ווו איז דבורהל?



מהר"ל

איך האָב דאָך דיר פאַרזאָגט עפּעס.

גולם

זי האָט געקוקט אויף מיר.
פאַרוואָס איז זי אַוועק פון דאַנעט, רבי?
פאַרוואָס ביסטו אויף מיר אין כעס, בייז?

מהר"ל

איך בין ניט בייז אויף דיר. דיר דאַכט זיך נאָר.
און דבורהלען, זאָג איך דיר, דערמאָן ניט מער.

גולם

שווייגט

מהר"ל

דו הערסט, וואָס איך פאַרזאָג דיר?

גולם

כ'הער, רבי.
איך וועל דיר פאָלגן... זע, די אויגן מיינע
פאַרקלעפּן ווידער זיך.

שלאָפט איין זיצנדיק

מהר"ל

ער שלאָפט.

ער זעצט זיך אנטקעגן און קוקט ווי ער שלאָפט, שטעלט זיך אויף, שטייט איבער
אים, לאָזט ניט אראָפּ די אויגן פון זיין שלאָפנדיק געזיכט

אַזוי פיל שטומער צער אויף זיין געזיכט...

גיט א ציטער

אָט דאָס איז מיין געטרוימטער מענטש?

מיין גבור ? מיין שליח ?.. ער ? — אַזוינע הענט,
אַזוינע אַקסלען, פיס... אַזוי פיל גוף !
אַזוי פיל שטומער צער ?..

*שטעלט זיך מיטן פנים צום וואַנט און טרויערט. רביצין קומט אַריין שטיל, קוקט פאַרוואונדערט*

### רביצין

פאַרוואָס איז אַזוי שטיל דאָ ? אַריה לוי !

*מהר"ל קערט זיך ניט אָפּ פון דער וואַנט*

וואָס טוט זיך דאָ ? כ'האָב מורא. אַריה לוי !

*מהר"ל קערט זיך אָפּ און מאַכט מיטן האַנט זי זאָל ניט רעדן, זי זאָל אַרויסגיין*

### רביצין

ביסט בלייך אַזוי —

### מהר"ל

ניט רעד. ער שלאָפט.

### רביצין

גאָר זיצנדיק ?

### מהר"ל

עס מאַכט ניט אויס... ער דאַרף זיך דורכשלאָפן. ער מוז.

### רביצין

אַ קישן אפשר ברענגען אים ?

### מהר"ל

מען דאַרף ניט.
איך קום אויך באַלד אַרויס.

*רביצין אויף די שפּיץ-פינגער אָפּ*

### מהר"ל

*שטייט איבערן גולם, הערט ווי שטאַרק און טיף ער אָטעמט*

---



# דורך פינסטערניש

אין חדר פון מהר״ל. פארנאכט. מהר״ל זיצט איבער א צעעפנטן ספר און דרעמלט. דבורהל שטייט לעבן אים א דערשראקענע און וועקט אים

דבורהל

זיידע, זיידע, כאַפּ זיך אויף.

מהר״ל

כאַפּט זיך אויף

וואָס איז? האַ?

דבורהל

דו שרייסט פון שלאָף. אַזוינע קולות, זיידע.

מהר״ל

מיט קולות, זאָגסטו? אַ דרעמל נאָר געטאָן. איין דרעמל...
פון חלום, טאָכטער.

דבורהל

פייער, בלוט, האָסטו געשריען —
פון פינפער טורעם עפּעס —

מהר״ל

יאָ, אַ חלום, טאָכטער.
געזען אַ שלעכטן חלום... גיי, מיין טאָכטער,
ס'איז גאָרנישט, נאָר אַ חלום...

דבורהל אָפּ

### מהר"ל

זיצט צוגעדעקט דעם פנים מיט ביידע הענט, אנגעשפארט איבערן טיש מיטן קאפ

### גולם

קומט אריין מיט שטילע טריט און שטייט לעבן טיר. ער האלט אין האנט א האק. שטייט און קוקט אנגעשטרענגט אויפן מהר"ל. וואס מער ער קוקט אלץ מער גולמדיק ווערט דער אויסדרוק פון זיין פנים. אט צעשמייכלט ער זיך, מיט אמאל ארויסשטעלנדיק א ריי חייסע ציין, און אט ווערט זיין פנים צוזאמענגעצויגן, שטייף און פארגליווערט. גייט צו שטיל צום טיש, ווו מהר"ל זיצט א פארזונקענער אין שווערע מחשבות. ער זעצט זיך ארונטער אויפן באנק פון צווייטן זייט פון טיש אקוראט אנטקעגן מהר"ל, פארוואַרפט אויך דעם קאפ און נעמט אן דעם זעלבן אויסדרוק און פאזע ווי מהר"ל. זיי זיצן ביידע אזוי איינע קעגן די אנדערע א פאר רגעס. מהר"ל טוט זיך מיטאמאל א כאפ און דערזעט אים. דערשרעקט זיך

### מהר"ל

אוי וויי!.. ס'איז דו! ווי קומסטו אהער?
און ווער האט דיך אוועקגעזעצט ביים טיש?

### גולם

איך ווייס ניט, רבי. איך זע, דו שלאפסט, דו זיצסט. —

### מהר"ל

דו דארפסט ניט נאכטאן אלץ וואס איך.
און וואס ביסטו אריינגעקומען איצט?

### גולם

האסט מיך גערופן.

### מהר"ל

ווען?

### גולם

די גאנצע צייט,
איך הער, דו רופסט מיך: יאסל! יאסל!



### מהר"ל

קוקט אים אן שטרענג

איך האב דיך ניט גערופן; הערסטו, ניין!
קאנסט גיין צוריק צו דיין מלאכה, —
האסט שוין צעשפאלטן דען דאס גאנצע האלץ?

### גולם

זיי לאזן מיר ניט שפאלטן.

### מהר"ל

ווער?

### גולם

זיי רייצן זיך מיט מיר.

### מהר"ל

איך פרעג דאך — ווער?

### גולם

די יינגלעך. גרויסע יידן אויך.
זיי שטעלן זיך ארום און קוקן, קוקן,
און אלע פרעגן ווי מען רופט מיך, אלע.
פון וואנען קום איך. —

### מהר"ל

ענטפער ניט און שוין.

### גולם

איך ענטפער ניט, איך שווייג.
דו האסט דאך מיר געהייסן שווייגן.

### מהר"ל

זיי וועלן דיר ניט טאן קיין שלעכטס.

**גולם**

איך האָב זיי פיינט.

**מהר"ל**

דאַרפסט לעבן גוט מיט אַלעמען.

**גולם**

איך קוק אויף קיינעם ניט און רעד צו קיינעם ניט.
דו זעסט, אָט קוקן זיי אַריין אין פענסטער.

**מהר"ל**

גייט צו צום פענסטער. קוקט ארויס

ניט האָב קיין מורא. גיי צוריק צו דיין מלאכה.
איך וועל אַליין אַרויסגיין און פאַרזאָגן אַלעמען.

**גולם**

זיי האָבן אויך קיין מורא ניט פאַר דיר.
איך זאָג: דער רבי וועט באַלד אָנשרייען אויף אייך,
און ווי איך זאָג דאָס — לאַכן זיי נאָך מערער.

**מהר"ל**

נו, גיי צוריק. איך וועל אַרויסגיין באַלד.

**גולם**

איך וואָלט שוין לאַנג געגעבן וועמען מיט דער האַק —

**מהר"ל**

וואָס רעדסטו? דו?

**גולם**

נעם זיי צו פון מיר,
צעטרייב זיי אַלעמען. וואָס רעדן זיי? וואָס קוקן זיי?
אַזוינע רייד, אַזוינע אויגן. אַלע. אַלע.



די האַק לויפט לייכט אַזוי אין מיינע הענט אַליין
אַרויף, אַראָפּ, אַרויף, אַראָפּ, און איך בין אַזוי הויך,
דער העכסטער. לויפט די האַק אויך העכער, העכער...
אָט זאָגסטו, אַז מען טאָר קיין האַק ניט הויבן —
זי רייסט זיך דאָך אַליין פון מיינע הענט...

**מהר"ל**

אַליין? איצט זע איך שוין. מער וועט זי זיך ניט רייסן.
איך האָב געגעבן לייכטקייט דיינע הענט,
אָן אַרבעט — צו פאַרגרינגערן דיין איינזאַמקייט.
„זאָל פליִען ווי אַ פעדער אין דיין האַנט די האַק" —
אַזוי האָב איך געגעבן דיר מיין ברכה.
נאָר איצט, איך זע, מוז אַנדערש זיין.
מיט מי, מיט שווערער אָנשטרענגונג, מיט שווייס
זאָל יעדער הויב פון האַק דיר אָנקומען.
און יעדעס מאָל, ווען אויפן האָלץ וועט זיך דער שאַרף
אַראָפּלאָזן, זאָל אויך דער אָטעם דיינער
אַרונטערזינקען, ווי אַ שווערע משא...
ס'איז ניט קיין שטראָף, נאָר דיר אַ טובה,
די לייכטקייט פון דיין האַנט זאָל דיך ניט רייצן מער...

**גולם**

איך האָב זיי פיינט, אַלעמען. דיך אויך.

**מהר"ל**

מיך אויך?

**גולם**

כ'האָב מורא פאַר דיין קוק, פאַר יעדן וואָרט.
און שטענדיק דאַכט זיך מיר, איך הער דיין קול:
— „ווו ביסטו, קום אַהער". איך טו אַ זעץ
די האַק אין האָלץ אַריין און ענטפער: „דאָ בין איך". —
און אַלע נעמען לאַכן, איבערקרימען: דאָ בין איך...

### מהר"ל

ניי אַרבעטן, און קוק זיך ניט אַרום אויף קיינעם.

### גולם

איך קוק דאָך ניט. איך האַלט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.
די מענטשן נאָר זיי צווינגען מיך צו אויפהויבן
דעם קאָפּ און אין די אויגן זיי אַריינקוקן.

### מהר"ל

איך האָב דאָך אַ קמיע אָנגעטאָן דיר אויפן האַלז,
אַזאַ, וואָס זאָל דעם קוק פון דיינע אויגן
דערנענטערן צו אַלעמענס געזיכטער. —

### גולם

ס'איז נאָר געווען איין רגע גוט. צום ערשטן מאָל
ווען איך האָב, שפּאַלטנדיק דאָס האָלץ, אַ הויב געטאָן זיך
און אַרום זיך דערזען אַזויפיל פּנימער און אויגן,
זיי האָבן אַלע, דאַכט זיך, גוט צו מיר געשמייכלט,
קיין וואָרט גערעדט, און נאָר אַזוי געקוקט, געקוקט. . .
און פּלוצלינג, האָבן אַלע מיט אַמאָל גענומען רעדן,
אַרומלויפן הין און הער און וואַרפן מיט די הענט;
זיי האָבן עפּעס מאָדנע רייד גענומען שרייען
און הילכיק לאַכן, צולויפן און אָפּשפּרינגען צוריק —
און דאַן האָב איך געהערט אויך דיין געלעכטער. —

### מהר"ל

מיינעם?

### גולם

אַזוי ווי דו וואָלסט זיך באַהאַלטן הינטער זיי
און זיי געריצט אויף מיר, זיי זאָלן שרייען: גולם. . .
איך האָב געלאָזט אין מיטן אַרבעט און אַנטלאָפן.
אַהער געקומען.



### מהר"ל

און איצט באַרויקסטו זיך?

### גולם

דאָ איז גוט מיט דיר.
ווען דו וואָלסט שטענדיק זיין מיט מיר, ניט לאָזן מיך אַליין,
איך וואָלט ניט מורא האָבן דאַן פאַר קיינעמס אויגן,
איך וואָלט זיך ניט געשראָקן, ווען איך הער מיין נאָמען. . .
ניט שיק מיך מער אַוועק פון דיר.

### מהר"ל

ייך שיק זיך דען אַוועק? דו זעסט דאָך מיך
אַזויפיל מאָל אין טאָג. און ווען דו דאַרפסט מיך,
צו יעדער צייט קאָנסט קומען און מיך טרעפן.

### גולם

איך וויל אויף שטענדיק זיין מיט דיר, אויף שטענדיק.
ווען אַלע שטייען, קוקן ווי איך שפּאַלט —
פאַרוואָס ביסטו ניטאָ צווישן זיי, דו קאָנסט דאָך אויך,
אַזוי ווי אַלע, שטיין די גאַנצע צייט און קוקן.

### מהר"ל

שמייכלט צו זיך

די גאַנצע צייט? פאַרנעמט ער דען אַליין די רייד
פון זיינע ליפּן? טענהט ווי אַ קינד אָן שכל, בלינד —
נאָר עפּעס קוקט אַרויס אַ שרעק אַזאַ פון זיינע טענות,
אַ שרעק שוין ניט קיין קינדישער. . .

צום גולם

און שלאָפן ווייסטו ווו דו וועסט? אין פינפער טורעם.
אַ פולע יידן שלאָפן דאָרט. דער שמש וועט
דיך ברענגען שוין אַהין, דיר מאַכן אַ געלעגער. —
וועסט דאָך ניט וועלן איך זאָל גיין מיט דיר אַהינצו שלאָפן?

## גולם

פאַרוואָס ? איז ווייניק פּלאַץ דען דאָרט פאַר ביידן ?

## מהר"ל

שמייכלט. זיין פּנים הערט טרויעריק. שטעלט זיך ביים וואַנט און פאַרטראַכט זיך דער גולם קוקט, קוקט און שטעלט זיך אויך צום וואַנט צו

## מהר"ל

קערט זיך אַוועק פון וואַנט

מיט דיר זיין שטענדיק קאָן איך ניט. זיי וויסן,
דו ביסט אַהער געקומען זיין אַליין.
איז זאָג איך דיר : גיי, טו דיין אַרבעט, וואָס דו טוסט.
טוסט אָפּ — גיי שלאָף, אַוווּ מען הייסט דיר שלאָפן. . .
דאַרפסט זיין אַליין מיט זיך און ניט מיט מיר.
עס איז דיר פינסטער, שווער. די פינסטערניש איז דיינע
און זי וועט נאָכגיין דיר אויף טריט און שריט,
ביז וואַנען זי וועט אויפשיינען אין ליכטיקייט.
איך האָב פאַר אַ משרת דיך גענומען ניט אויף דעם,
איך זאָל דיר נאָכגיין היטן ; ווי דו עסט און שלאָפסט. . .
איך וועל דיך רופן, ווען איך וועל דיך דאַרפן, — גיי.

גולם אָפּ מיט דער האַק אין האַנט

## מהר"ל

אַליין

אַלץ אָנגעשטרענגטער ווערט אין מיר מיין אומגעדולד,
פון אַלע בייזע קלאַנגען און ניט רויקע חלומות. —
ווער זאָל מיר פּותר זיין מיין חלום ?
דו ווייזט מיר צייכנס איינעם נאָכן צווייטן :
סכּנות גרויסע לויערן אויף אונז.
זיי קומען אָן, זיי שטייען שוין אַהינטער אונז.
דו עפנסט מיר די אויגן און איך זע זיי :
בלבולים, בלוט און פייער און — פאַרניכטונג.
איך ווייס, צוזאַמען מיטן אומגליק קומט די רעטונג; אויף דער שווערד



ווערט אויך די טרייסט געבראַכט, און אין דעם שוואַרצן פּלאַם
באַהאַלטן ליגט די ליכטיקייט פאַר אונז, —
מיין האַרץ איז אָבער פול מיט אומגעדולד און אומרו,
מיט אומגעדולד צו זיך אַליין — מיין גרעסטער חטא פאַר דיר.
דו האָסט געשיקט מיר אים, דעם אומבאַהאָלפענעם משרת.
אַן אומבאַהאָלפענער אַליין — ער זאָל אונז העלפן ;
אַליין אַ פינסטערער — ער זאָל אונז ברענגען ליכטיקייט ;
מיר אַלע הענגען אויף אַ האָר ביים ראַנד פון אָפּגרונד,
און ער, דער אויסלייזער, דער ערשטער וויינט אַרויס נאָך הילף...
אָט האָב אים אַרויסגעשיקט מיט בייזקייט,
איז ער עפּעס שולדיק ?

קוקט אַרויס פון פענסטער

איך האָב אַליין, ווייזט אויס, נאָך מורא פאַר זיין קוק. . .
פאַרשרייט האָסטו אויף אים דעם צער פון אומזין,
פון קאַלטער פרעמדקייט און אומהיימלעכקייט,
אַז אַלע, און אויך איך, מיר זאָלן ניט דערזען נאָך
זיין אמתן געשטאַלט. . . מסתּמא דאַרף אַזוי צו זיין.
איך וואַרט, איך רייס מיין אומגעדולד אַרויס פון האַרץ,
דער שרעק, וואָס גייט אויף אונז, ער זאָל מיך ניט צעטומלען
און מיינע אויגן אויף דער עלטער ניט פאַרפינסטערן
צו קאָנען קוקן גלייך אין פּנים פון זיין אמתן געשטאַלט. . .
זיין אמתער געשטאַלט וועט מוזן זיך אַנטפּלעקן,
ווייל ער איז — דיינער. . .

שטייט אָנגעשפּאַרט ביים פענסטער. עס קומט אַריין ר' באָסעווי, אַן עלטערער ייד, רייך אָנגעטאָן

## ר' באָסעווי

אַ גוטער אָוונט, רבי.

## מהר"ל

אָ, אַ גאַסט, אַ גאַסט.
אַ גוטער יאָר אייך, ר' באָכעווי, זיצט.

ר׳ באַסעווי

דער רבי זאָל מיר מוחל זיין, וואָס ניט געפרעגטערהייט —

מהר״ל

וואָס רעדט איר, ר׳ באַסעווי, אַזאַ גוטער גאַסט. . .

ר׳ באַסעווי

איך גיי דעם שול-הויף דורך, ערשט — רעדלעך פיל,
מען חדושט זיך, און אַלע זיינען אומרויק,
און קלאַנגען גייען אום פון מויל צו מויל,
און איך אַליין, איך זאָל ניט זינדיקן מיט מיינע רייד,
בין איך ניט זייער רויק, רבי.

מהר״ל

זעצט זיך, ר׳ באַסעווי.

ר׳ באַסעווי

זעצט זיך

איך האָב אין גאָרנישט ניט געשטערט אייך, רבי?

מהר״ל

אין גאָר נישט, ר׳ באַסעווי.

ר׳ באַסעווי

טראַכט איך: אפשר גאָר
אַריינגיין אויף אַ פּאָר מינוט צום רבין שמועסן.

מהר״ל

אַ גוטער איינפאַל, ר׳ באַסעווי, זייער ווייל פון אייך...
נאָר עפעס זיינט איר ניט מיט אַלעמען, צעטראָגן,
האָט אפשר עפעס אַנדערש אייך געבראַכט אַהער?

ר׳ באַסעווי

עפעס אַנדערש? ניין, איך ווייס אַליין ניט, רבי:
איר וואָלט געזען דעם טומל אויפן שול-הויף.



ס׳איז עפעס ניט ווי אַלע מאָל. דער מרה-שחורהניק, דער תנחום,
אַן אָפּגעריסענער, אַ פינסטערער, האָט, גאָט ווייס ווו,
אַזוינע רייד גענומען. שטייט און רעדלעך אַרום אים,
ער שליידערט מיט די הענט און רעדט, און רעדט. . .
און דאָ צו אַלעם איז נאָך צוגעקומען ער, דער האָלץ-העקער,
ער וואַרפט דאָך ממש אָן אַ פחד, רבי. . .

מהר״ל

איר אויך ווי אַלע, ר׳ באַסעווי? שטייט אַ מענטש
און אַרבעט, שפּאַלט. וואָס איז זיך דאָ צו שרעקן?
מיר האָבן לאַנג דאָך שוין געזוכט אַ גוטן האָלץ-העקער.
איר ווייסט דאָך, ר׳ באַסעווי.

ר׳ באַסעווי

יאָ, נאָר דער
האָט עפעס גאָר ניט נושא חן געווען ביי קיינעם.
איר וואָלט באַדאַרפט אַרויסגיין, רבי, און אַ קוק טאָן,
ווי אַלע, קליין און גרויס, אַרויסגעשאָטן האָבן זיך
פון אַלע הייזער לויפן אויפן שול-הויף קוקן,
ווי עפעס אויף אַ ביזן ווונדער; און, דער אמת, רבי,
איך אַליין, דערזעענדיק אים אָט אָקאָרשט,
האָב ביישטיין ניט געקאָנט, געמוזט זיך אָפּשטעלן
און קוקן, אַ פאַרכאַפּטער, ווי ער הייבט די האַק.
כ׳האָב קיינמאָל ניט געזען נאָך אַזאַ מענטשן.

מהר״ל

זיצט אַ פאַרטראַכטער, אַ דערשראָקענער

ר׳ באַסעווי

איר ווייסט כאָטש, רבי, ווער ער איז? אַ היגער?

מהר״ל

צי ווייס איך ווער ער איז? אודאי ווייס איך.
קיין היגער טאַקע ניט. אַ פרעמדער, נאָר עס מאַכט ניט.

ר׳ באסעווי

איז האָבן מיר דאָך טאַקע ניט וואָס מורא האָבן,
ווי באַלד איר קענט אים, רבי.

מהר״ל

זאָגט עס אַלעמען,
ניטאָ זיך וואָס צו שרעקן.

ר׳ באסעווי

כ׳וועל זאָגן, רבי.

מהר״ל

איר זיינט נאָך אָבער אַלץ ניט רויק, ר׳ באסעווי,
איך זע אָן אייער פנים.

ר׳ באסעווי

זייט מיר מוחל, רבי.
איך זינדיק אפשר טאַקע; צופיל אומרו
האָט אָנגעקליבן זיך אין מיר פאַר די פאָר טעג...
און אָט די אומרו, מער פון אַלץ, האָט מיך
געבראַכט צו אייך איצט, רבי.

מהר״ל

גאָט איז אונזער פאָטער, ר׳ באסעווי.

ר׳ באסעווי

איך קום טאַקע אָט דאָס פון אייך צו הערן, רבי,
אַ וואָרט פון טרייסט, פון האָפנונג, בטחון.
איך בין שוין גרוי, און צייט געווען איך זאָל אַליין
דאָס וואָרט פון טרייסט אין האַרצן שטענדיק טראָגן,
און ניט דערשרעקן זיך און ניט פאַרלירן זיך אין שרעק...
וואָס קאָן מען אָבער טאָן? מיר זיינען זינדיק, רבי,
און צייטן — שלעכטע, גאָט זאָל מיך ניט שטראָפן...



אָס האָב איך נעכטן, רבי, ניט געקאָנט
אַ גאַנצע נאַכט ביז טאָג קיין אויג פאַרמאַכן...

מהר״ל

וואָס רעדט איר, ר׳ באסעווי?

ר׳ באסעווי

כ׳בין זיך מודה.
עס ווילט זיך מיר מיין שרעק פון האַרץ אַראָפּרעדן.

מהר״ל

צי מאַכן מיר אַליין ניט צופיל גרויס דעם שרעק?

ר׳ באסעווי

אַליין? עס קאָן זיין, אַז מיר מאַכן אים צו גרויס,
עס קאָן דאָך אָבער זיין פאַרקערט: דער שרעק איז גרעסער,
נאָך גרעסער ווי מיר שטעלן זיך אים פאָר...
ווער ווייס, ווער ווייס, וואָס הינטער אונז עס ווערט געטאָן,
ווער ווייס, אין וועלכע נעצן אונזער פוס
ניט היינט איז מאָרגן וועט געפאַנגען ווערן?
ווער ווייס, פון וועמענס הענט עס קומט דער אומגליק? —
וואָס וויל מען פון אונז האָבן, רבי? זאָגט,
איך מיין גאַנץ פשוט, כ׳וויל פאַרשטיין, באַנעמען,
וואָס וויל מען פון אונז האָבן?..

מהר״ל

מען וויל פון אונז אַ פולע, ר׳ באסעווי. גאָר אַ סך, אַ סך...
נאָר געבן קאָנען מיר זיי גאָרנישט, גאָרנישט, הערט איר?
און אפשר קאָנען מיר, — אָ, יאָ, מיר קאָנען, ר׳ באסעווי,
מיר ווילן אָבער ניט. מיר ווילן ניט... מיר האָבן
צו אַלץ און אַלעמען פון גאָר דער וועלט
נאָר צוגערירט זיך מיט איין שפּיץ פון פינגער,
נאָר פון דער זייט אַ הויך געטאָן מיט אונזער אָטעם,

און אַלץ און אַלע פון דער גאַנצער וועלט
וועט טראָגן שוין אויף אייביק אונזער פינגער,
און שטורעמס, ווירבלענדיקע שטורעמס וועלן אויסברעכן
פון אונזער לייכטן אויסגעהויכטן אָטעם...
צו וואָס גאָר דאַרפן מיר געפינען טעמים,
און פרעגן קשיות וואָס מען וויל פון אונז ?
אויב טעמים זוכן — זאָלן זיי; זיי זוכן טאַקע,
זיי זוכן און געפינען, און אַז ווי צו זיי,
צו זייער אָנגעשטרענגטן זוכן און געפינען !
און מיר — מיר שטייען אָן דער זייט פון אַלע טעמים,
מיר זיינען שווער און לייכט, דערנענטערט און דערווייטערט;
מיר ווילן — גייען מיר אַנטקעגן מיטן פנים צו דער וועלט,
מיר ווילן — ווייזן מיר דעם נאַקן צו דער וועלט;
די וועלט איז נאָר דער דורכגאַנג, נאָר דער פרוזדור
צו אונז אַליין; ס'איז אפשר צו לאַנג, צו פאַרפלאָנטעט
דער דורכגאַנג, אָנגעשטעלט מיט שפּיזן, העק, —
באָר ווער וועט גיין זיך לאָזן אָפּראַמען די העק,
אַז אויך מיט זיי וועט מוזן ווערן אָפּגעראַמט
אויך אונזער אָנריר, אונזער רויטער טראָט ?..

### ר׳ באַסעווי

וועט מוזן אייביק ציען זיך דער וועג ?

### מהר״ל

און מיר — נאָך אייביקער, און אויסלייזן די וועלט —
מיר קאָנען, נאָר מיר ווילן ניט.

### ר׳ באַסעווי

מיר ווילן ניט ?

### מהר״ל

אָט דאָס אי, דאָך, וואָס זיי וואָלטן געוואָלט.



### ר׳ באַסעווי

איך הער, און יעדעס וואָרט מאַכט גרעסער נאָך
אין מיר דעם צער.

### מהר״ל

צער ? וואָס איז ר׳ באַסעווי, צער ?
מיר זיינען דאָך אַריינגעוואַקסן שוין אין אים, צונויפגעהעפט זיך,
אַרומגעשפּרייט אים איבער זיך און אָנגעצונדן,
און אויפגעלויכטן און צעזייט אויף אַלע וועלטן...
אָט גיט אַ קוק אויף זיך אַליין איצט, ר׳ באַסעווי,
עס לויכט אויף אייך דער צער... און אָט אַ שעה
פון אומגעדולד קאָן קומען, גרעסער נאָך פון צער,
אַ שעה פון גרעסערער עקשנות נאָך, און איך, צי איר,
צי יעדערער פון גאַס, אפילו תנחום,
אָנשטאָט מיט איין שפּיץ פינגער אָנרירן די וועלט,
זאָל אויפהויבן אַ ג אַ נ צ ע ה אַ נ ט מ י ט אַ ל ע פ י נ ג ע ר. —
וואָס מיינט איר, ר׳ באַסעווי, וואָלט געווען דאַן ?

### ר׳ באַסעווי

אַן אומגליק וואָלט עס זיין פאַר אונז, אַן אומגליק.

### מהר״ל

אַן אומגליק ? מעלט אייך אויס, אַז ניט נאָר איך,
צי איר, צי עמעץ אַנדערש ערגעץ ווו,
נאָר ער, אַפילו ער, דער האָלץ־העקער, וואָס אויפן הויף,
זאָל אויפהויבן זיין גאַנצע האַנט מיט אַלע פינגער; —
צי וואָלטן זיי נאָך אַלץ געוואָלט מיר זאָלן — — —

*האקט זיך אָפּ און זיצט אַ דערשראָקענער פאַר עפּעס*

### ר׳ באַסעווי

וואָס איז אייך, רבי ? איר זיינט בלייך געוואָרן.

### מהר״ל

אַ טומל, דאַכט זיך, ר׳ באַסעווי, הערט איר ניט ?

### ר׳ באסעווי

אַ טומל? ניין, איך הער ניט, רבי.

### מהר״ל

עס האָט זיך מיר אַ פּנים אויסגעוויזן נאָר.

קוקט דורכן פענסטער

יאָ, אויסגעוויזן נאָר, דער הויף ווערט ליידיק שוין.

### ר׳ באסעווי

וואָס זאָל איך איצטער זאָגן, רבי, ווען איך זע
דעם פּחד אויך אויף אייך אַן אויפגעלויכטענעם?

### מהר״ל

וואָס זאָלט איר זאָגן? גאָרנישט, ר׳ באסעווי; שווייגן.
פאַרהאַן אַ צייט פאַר שווייגן... ווייסט איר, ר׳ באסעווי, —
די אַלע יידן וואָס אין שול זיי וועלן אָפּדאַוונען
און וועלן זיך צעגיין אַהיים, און שטיל, ווי אַלע מאָל,
זיך לייגן שלאָפן; אפשר וועלן זיי,
אַזוי ווי איר, קיין אויג ניט קאָנען צושליסן,
נאָר דאָך וועט קיינער ניט פון זיי זיך אויפהויבן פון בעט
און נאָכגעבן דעם שרעק...

### ר׳ באסעווי

דאָס מיינט איר מיר צו מאַכן פאָרוווּרף, רבי?

### מהר״ל

ניט פאָרוווּרף, ר׳ באסעווי, ניין, פאַרשטייט מיך.

### ר׳ באסעווי

איך האָב געוואָלט פון אייך אַ טרייסט־וואָרט הערן.



### מהר״ל

דאָס וואָרט פון טרייסט איז דאָ, איז דאָ,
ווייל אַלע שרעקן זיינען נאָר אומזיסטע, ר׳ באסעווי.

### ר׳ באסעווי

אומזיסטע?

### מהר״ל

שרעקן אָן אחריות זיינען זיי.

### ר׳ באסעווי

איך וויל אייך גוט פאַרנעמען, רבי. מאַכט מיר קלאָר.
איר זאָגט: פאַרהאַן אַ צייט פאַר שווייגן,
און דאָך איך פיל, אַז אייער פּחד שווייגט ניט,
אַז אייער... זייט מיר מוחל פאַר די ווערטער, רבי.

### מהר״ל

אָ, יאָ, איך בין אייך מוחל, ר׳ באסעווי;
און נעמט זיך גוט אַריין אין זינען: ליגט ניט מער
די גאַנצע נאַכט אָן שלאָף ביז טאָג;
אַ ייד טאָר קיינמאָל ניט פון זיך דעם שלאָף פאַרטרייבן...
מיר זיינען ביידע אַלטע לייט שוין, ר׳ באסעווי,
מען טאָר אָבער ניט ווערן צו אַלט פון צו קאָנען
אויף זיך אַליין צו איבערטראָגן אַלע וווּנדער;
פאַרנעמט איר וואָס איך זאָג אייך: אַלע וווּנדער.

### ר׳ באסעווי

פון אייער מויל צו הערן, רבי; אפשר וועל איך אויך
באָך זוכה זיין מיט אייך צוזאַמען צו דערלעבן...

עס הערט זיך אַ טומל הינטערן טיר. מהר״ל עפנט און קוקט אריין

### מהר״ל

ווער איז דאָרט? תנחום? לאָז אים, טאָכטער.
ער מעג אַריינגיין.

### ר׳ באסעווי

תנחום ? ניט צו איבערטראָגן !

### מהר״ל

עס מאַכט ניט, ר׳ באסעווי.

תנחום קומט אריין צעשויבערט, אָפּגעריסן. אויף איין לאַץ פון זיין קאַפּאָטע אַ לאַנגער קריעה־ריס

### תנחום

געהערט אַ העזה ! תנחום וויל צום רבין —
פאַרשטעלט מען אים דעם וועג.

### מהר״ל

זיצט, ר׳ תנחום.

### תנחום

ניטאָ קיין צייט צו זיצן, רבי.
איך איל, איך איל,
עס וואַרט אויף מיר מיין פייערדיקער רייטוואָגן.

### ר׳ באסעווי

און וויפיל איז דער שיעור צו רייסן קריעה ?

### תנחום

אַ שיעור ? ניטאָ קיין שיעור.
ווייל אַלע לאַצן וואַרטן דאָך אויף מיר
איך זאָל זיך צורירן צו זיי,
פאַנאַנדעררייסן...
ווען ניט דער גרויסער יום־טוב פסח,
וואָלט נאָך ביז היינט געלעבט מיין יוחנן,
צי זאָלן מיר דערפאַר זיך אָפּזאָגן פון פסח ?
איר שווייגט ? איר ווילט זיך אָפּזאָגן פון פסח ?
איך שיק אויף אייך מיין פייערדיקן רייכוואָגן.



### ר׳ באסעווי

איך האָב דאָס שוין געהערט, ר׳ תנחום.

### תנחום

געהערט ?
אויב טויזנט מאָל געהערט,
האָסטו נאָך ניט געהערט ;
טויבע — ווי קאָנט איר הערן ?
בלינדע — ווי קאָנט איר זען ?
זעט איר מיין פנים אין דער מיטן נאַכט ?
הערט איר מיין קול ?
די אָרעמס צעשפּרייט איך,
די אויגן פאַרוואַרף איך,
דעם האַלז אין דער ווייט צי איך אויס...
אַריבערן דאַך פונם טורעם,
דורך אַלע צעלעכערטע פענסטער
יאָג איך אַריין און אַרויס...
פינף איז די צאָל פון די טורעמס, —
פינף,
איינער פאַר מזרח, און איינער פאַר מערב,
איינער פאַר צפון און איינער פאַר דרום,
דער פינפטער — פאַר מיר.
ווער טראָגט דעם צער פון די טורעמס ? —
איך !
איך בין דער האַר פון די חורבות...

### מהר״ל

רוט אָפּ, ר׳ תנחום, זעצט זיך.

### תנחום

זעצט זיך, אָטעמט אַ מידער

### מהר״ל

ניטאָ שוין קיינער אויפן הויף, ר׳ תנחום ?

### תנחום

ניטאָ, ניטאָ. צעגאַנגען אַלע.
אין שול אַריין צו מנחה.
און תנחומען געלאָזט אַליין מיט אים, דעם גזלן;
נאָר תנחום האָט ניט מורא פאַר אַ גזלן.
איך בין דאָס אייך געקומען זאָגן,
אַז תנחום האָט ניט מורא פאַר קיין האַק...

### ר׳ באסעווי

איר הערט, רבי?

### מהר״ל

צו וואָס אַזוינע רייד, ר׳ תנחום?

### תנחום

צו וואָס אַזוינע רייד?
אַז דו זאָלסט דאָס גאָר פרעגן, רבי.
פינסטערניש גייט אויף אונז, פינסטערניש
פון אַלע זייטן,
און קיינער קאָן ניט אָפּשטעלן מיין פייערדיקן רייטוואָגן,
אַפילו דו.
ווייל קיינער וועט ניט האָבן אַזאַ העזה,
ווייל קיינער איז אין אים נאָך ניט געזעסן,
און ניט געברענט זיך אין זיין פייער,
און ניט געדרייט זיך אונטער זיינע רעדער,
און ניט געשווינדלט אין זיין אָטעם...
זאָלן הענט זיך שטרעקן מער צו מיר,
זאָלן העק זיך הויבן,
העלזער שרייען; —
פאַרחלשט ווערן הענט,
פאַרראָסטעט ווערן העק,
און העלזער ווערן שטום,



און אויב ניט שטום, איז — אויפגעשניטן...

*שפרינגט צו צום מהר״ל*

און ווער איז דאָ דער באַלעבאָס?
דער רבי, צי טאַדעוש, האַ?

### מהר״ל

טאַדעוש?

### תנחום

דו ווייסט ניט ווער טאַדעוש איז?
דער רבי האָט באַדאַרפט עס וויסן.
און אַז טאַדעוש איז געווען אין פינפער טורם,
ווייס דער רבי?

### מהר״ל

איך ווייס, ר׳ תנחום.

### תנחום

דער רבי ווייס?

*שפאַרט זיך אָן מיטן קאָפּ אָן טיש*

### ר׳ באסעווי

איז אמת טאַקע, רבי?

### מהר״ל

ער וויל די אָרעמע לייט אַרויסטרייבן פון דאָרט.

### תנחום

נאָר ווער איז דאָ דער באַלעבאָס?
צי אפשר גאָר דער האָלץ־העקער?

*שפרינגט ווידער אויף*

אַרויסטרייבן? וואָס וואַרט ער נאָך?
חורבות האָב איך מער נאָך פיל איך דאַרף,
חורבות פון דער גאַנצער וועלט
וואַרטן לאַנג אויף מיר,

קוקן אויס די לעכערדיקע אויגן.
אָטעמען צו מיר,
רופן איך זאָל קומען און געוועלטיקן.
זאָל איך קומען נאָר –
ווערט אַ פרייד אין זיי,
אַ געזאַנג
און אַ טאַנץ...
זאָל איך אָפּקערן מיין פּנים און ניט הערן
דאָס געבעט?
ווער וועט אים דערהערן, אויב ניט איך?
איך –
ווייל מיין האַרץ איז פול מיט רחמים צו דער וועלט...

ער הערט אויף צו שלידערן מיט די הענט. ווערט חי איינגעגליווערט

די גרויסע אויגן פון דער וועלט
זיי זיינען פול מיט בענקשאַפט, –
ווער דערזעט די גרויסע אויגן פון דער וועלט?
איך.
ווער קאָן איינשטילן די בענקשאַפט פון דער וועלט? –
איך.
ווייל מיין האַרץ איז פול מיט רחמים צו דער וועלט...

אין מיין פייערדיקן רייטוואָגן טראָג איך זיך
רונד אַרום, רונד אַרום די טורעמס,
יעדן מיטן נאַכט.
אין דעם פייערדיקן רייטוואָגן
ליגט מיין זון –
מיין פסחדיקער זון...
זיין לינקער אויג איז דורכגעשטאָכן מיט אַ שפּיז,
דאָס רעכטע – צוגעמאַכט;
זיין רעכטע האַנט איז אָפּגעשניטן ביזן אַקסל,
די לינקע – ביזן עלנבויגן.
יעדע ערשטע נאַכט פון פסח זאָג איך צו מיין זון:



– שטיי אויף, ווער לעבעדיק,
באַקום צוריק די אויגן און די הענט,
ווייל דורשטיק איז די תאוה פון דער וועלט
און הונגעריק איר בענקשאַפט...
שטייט ער אויף,
און ער וואַרט.
ביז – מיר הערן טריט:
זיי...
שטעכן זיי אים ווידער דורך זיין לינקן אויג,
שניידן ווידער אָפּ זיין רעכטע האַנט ביזן עלנבויגן,
די לינקע – ביזן אַקסל...
לייג איך אים צוריק אַריין אין רייטוואָגן,
און איך זאָג:
– ביז דעם קומענדיקן יאָר...
ווייל מיין האַרץ איז פול מיט רחמים צו דער וועלט...

תנחום לויפט האַסטיק אַרויס. מהר״ל און ר' באַסעווי זיצן פאַרגאַפטע.
שווייגן לאַנג

ר' באַסעווי

אַווינע רייד, אַזוינע רייד.

מהר״ל

נעמט אַרומגיין הין און צוריק איבערן חדר. שטעלט זיך ביים פענסטער
און קוקט אַרויס

ר' באַסעווי

הויבט זיך אויף

דער עולם, הער איך, גייט שוין מנחה דאַווענען,
אַ גוטן, רבי.

מהר״ל

אַ גוט יאָר, אַ גוט יאָר. איך קום אויך באַלד.

גייט אַרום הין און צוריק. שטעלט זיך ווידער ביים פענסטער. שטעקט אַריין דעם קאָפּ און קוקט געשפּאַנט. עס דערהערן זיך פון הויף אומרויִקע קולות פון יידן און ווייבער. מען לויפט פאַרביי דעם רבס פענסטער און מען שרייט: „ווו איז

דער רבי? זאָל דער רבי אַרויסגיין!" קולות פון ווייבער: „ווי איז אונז, אַן אומגליק אויף אונז!" מהר"ל לאָזט זיך צום טיר, עס לויפט אַריין די רביצין, פירט דבורהלען פאַרן האַנט. ביידע טויט-דערשראָקענע.

דבורהל וויינט

### מהר"ל

וואָס איז געשען?

### רביצין

דער נייער מענטש, דער האָלץ-העקער, ווי איז מיר.

### מהר"ל

וואָס האָט ער געטאָן?

### רביצין

אַ ניי אומגליק אויף אונז, אריה לוי, איך זאָג דיר.
אויף טויט דאָס קינד דערשראָקן. ווי איז מיר:
זי גייט אַרויס אַן עמער וואַסער אָנשעפּן,
איז לויפט ער צו און לאָזט זי ניט צום ברונען צוגיין.

### דבורהל

וויינענדיק

ער זאָגט, אַז ע ר דאַרף טראָגן וואַסער.

### מהר"ל

נאָך וואָס האָט ער געטאָן?

### רביצין

אַ חרפה פאַרן מויל אַרויסצוברענגען, אריה לוי.
בפרהסיא זי אַ כאַפּ געטאָן צו זיך, געקושט זי.
ווען ניט דער עולם, וואָלט ער זי דערשטיקט נאָך, חס ושלום.

### מהר"ל

וואָס טוט ער איצט?



### רביצין

וואָס זאָל ער טאָן? אַ גולם, ניט קיין מענטש.
ער שטייט, ווי אַ פאַרשטיינערטער און רירט זיך ניט.

### דבורהל

פאַרטרייב אים, זאָל ער גיין פון דאַנען —

מהר"ל און ביידע פרויען גייען אַרויס. פון הויף הערט זיך אַ גערודער. ווערט שטילער. מהר"ל קומט אַריין און נאָך אים דער גולם מיט דער האַק אין האַנט. ער שטייט אין מיטן חדר מיט אַרונטערגעלאָזטע הענט אין אַ מאָדנער פאַרגליווערונג. מהר"ל באַטראַכט אים אַ לענגערע צייט, נעמט אַרויס די האַק פון זיינע הענט. דער גולם באַוועגט זיך ניט. עס באַקומט זיך אַן איינדרוק, אַזוי ווי ער האַלט שלאָפן, שטייענדיק מיט אָפענע אויגן

### מהר"ל

דו שטייסט פאַרשטיינערט און דו זעסט ניט,
ווי איך דערנענטער זיך צו דיר.

### גולם

שטייט פאַרגליווערט

### מהר"ל

הויב אויף דעם קאָפּ און אויך די אויגן,
איך וויל אַריינקוקן אין זיי.
נאָך טראָגן זיך אַרום די קולות,
וואָס דו האָסט אויפגעוועקט, דער שרעק
נאָך שטייט אַהינטער דיינע אַקסלען
און קוקט אַריבער גרייט צום אָנפאַל.
מיט טויזנט אויגן, מיילער, צינגער
ער דרייט זיך נאָך אַרום דיין קאָפּ...

### גולם

שטייט אומבאַוועגלעך

## מהר"ל

און איך האָב װוּנדער אױסגעבעטן
ביי גאָט פאַר דיר, דורך פּײַן און טרערן ;
זאָלסט קאָנען זען, װוּ קײנער זעט ניט,
און הערן אַלץ, װאָס קײנער הערט ניט ;
ביין ז.יילן אין דער טיפעניש
דערשפירן זאָלסטו מיט דײַן טראָט,
אין פײער זאָל דײַן גוף ניט ברענען,
אין טיפן װאַסער — זיך ניט טרינקען,
די ריחות פון די װײטסטע װינטן
דערשמעקן זאָלסטו מיט דײַן נאָז ;
און װען מען דאַרף — דײַן גוף זאָל װערן
װי שטראַלן דורכזיכטיק, װי לופט,
און אין אַ צװײטן זיך פאַרװאַנדלען —
זאָלסט זײַן אַ רואה ואינו נראה. . .
איך טראָג דערהויבונג פאַר דײַן לעבן,
פאַר דײַנע הענט — געבענטשטע גבורה ;
און דו — דו שטײסט װי האָלץ פאַרגליװערט,
די אויגן — טעמפּ, דאָס מויל — צעקרימט ;
אויף דײַנע ברײטע מויער=אַקסלען
נאָך ליגט דער טויטער צער פון לײם ;
אויף דײַנע הענט נאָך שלענגלען זיך
פאַרלעגערטע, פאַרשטויבטע װערים,
און פון דײַן אָטעם שפּאַרט פאַר מײַלן
דער ריח פון צעפוילטן שטײן. . .
ביסט לעבעדיק, ביסט אַלט אײן טאָג,
און שוין דאָס מענטשלעכע אין דיר
געײלט האָט זיך אַרויסצוװײזן
מיט שנאה און מיט תאוה און מיט אומגליק ;
נאָר האָב איך דיך געבראַכט צו מיר
צו זײַן װי אַלע מענטשן גלײַך ?



זאָל זײַן, עס איז אויף דיר געפאַלן
די גאַנצע פינסטערניש און שרעק
פון אונזער אַלעמענס פאַרצװײפלונג —
נאָר װוּ איז אָבער דאָס געזאַנג,
אויף דײַן געזיכט דער גרויסער שײַן
פון אונזער אַלעמענס בטחון ?
װאָס שטומסטו ? ענטפער, זעסטו ניט,
אָט הויב איך אויף דיר מײַן שטעקן !

גולם קומט צו זיך. שטרעקט אויס די הענט מיט פרייד צום מהר"ל

## גולם

װוּ בין איך ? רבי, האַ, װוּ בין איך ?
װוּ זײַנען אַלע ניט געװאָרן ?
אַזוי געשריען האָבן זײ,
געװײנט, געדרײט זיך אַרום מיר,
און איך האָב ניט געװוּסט פאַרװאָס —
און מיטאַמאָל איז שטיל געװאָרן,
פאַרקלעפּט זיך האָבן מײַנע אויגן —
איך בין געשלאָפן, רבי.

## מהר"ל

ביסט געשלאָפן ?

## גולם

איך װײס ניט, רבי, אונטער מיר
די ערד האָט זיך גענומען װיגן.
אַ האַנט האָט מיך געטאָן אַ צי,
געטאָן אַ שלײדער אין דער הויך
און נאָכדעם טיף אַראָפּגעװאָרפן.
איך בין געפאַלן. נאָר די ערד
אַ בראָך האָט זיך געגעבן פלוצלינג,
צעשפּאָלטן זיך אויף צװײ חלקים.
בין איך געפלויגן אין דעם אָפּגרונט

און ניט געהאַט אַווו צו פאַלן. . .
און ווי איך פלי אַזוי, איך זע,
ערשט דו — דו זיצסט אויף מיר און שטויסט מיך
אַלץ טיפער, טיפער אינם אָפּגרונט.

### מהר"ל

רעד אויס אינגאַנצן.

### גולם

דיין פנים איז געווען געדראָפּלט:
אַ האַלבער — גרויס אַזוי ווי מיינער,
אַ האַלבער — קלענער נאָך פון דיינעם ;
און אויגן — פיר, און אַלע טויטע ;
אין איינעם נאָר אַ רויטער פינטל,
וואָס האָט געטריפט מיט הייסן בלוט...
און מיט אַמאָל איך זע: דיין קאָפּ
האָט אָנגעהויבן זיך צו רייסן,
אָן מיינעם זיך גענומען קלאַפּן,
און מיט דעם אויג, וואָס טריפט מיט בלוט,
אַריינגעברענט זיך אין מיין שטערן,
און ביסלעכווייז צו מיר אין מח
אַריינגעזונקען ביזן האַלז. . .
און ווי דו זינקסט אין מיר — איך זע:
דיין האַלז איז לאַנג און ווייס און בויגיק ;
איך האָב דיך אָנגעכאַפּט ביים האַלז
און שטאַרק גענומען ווערגן, ווערגן. . .

### מהר"ל

רעד אויס אינגאַנצן דיין רציחה.

### גולם

איך ווייס ניט מער, כ'האָב ניט געזען מער
ניט דיין געזיכט, ניט דיינע אויגן ;



דאָס האָט גאָר מ י י ן האַלז ווער געוואָרגן,
און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דיינעם. . .
אָ, זיי מיט מיר, פאַרלאָז מיך ניט.

*ער ציט זיך אויס אויף דער ערד, פאַלט צו צום מהר"לס פיס*

אָ, זיי מיט מיר. אַז ניט — פאַרטרייב מיך.

### מהר"ל

שטיי אויף. איך זע דיין טרויער.
איך בין דיר מוחל.

### גולם

פאַרלאָז מיך ניט.

### מהר"ל

שטיי אויף.

### גולם

אָ, נאָך אַ ביסל, רבי,
לאָז ליגן מיך ביי דיינע פיס.

### מהר"ל

שטיי אויף.

### גולם

אָ, נאָך אַ רגע, רבי.
עס ווערט מיר גוט. עס ווערט מיר לייכטער.
עס ווערט מיר ליכטיק.

### מהר"ל

*מיט פרייד*

ליכטיק ?
וואָס זעסטו ?

### גולם

ריך.

מהר"ל

און איצט ?

גולם

רו רירסט מיך אָן מיט דיינע הענט.

מהר"ל

איך בענטש דיך. איצט וואָס זעסטו ?

גולם

פייער ! פייער !
אַ גאַנצער פלאַקער דרייט זיך, קנוילט זיך,
ער וויל מיך אָנצינדן און קאָן ניט.

מהר"ל

און איצט ?

גולם

אַ וואַסער שטראָמט אוןווירבלט.
איך זינק און ווער דאָך ניט דערטרונקען ;
און שטיינער האָגלען אויף מיין קאָפּ
און שפּרינגען אָפּ צוריק...

מהר"ל

וואָס נאָך ?

גולם

און הינט פאַרסמטע רייסן מיך, —
מיין לייב ווערט ניט צעריסן. . .

מהר"ל

וואָס הערסטו ?

גולם

טיף פון אונטער דר'ערד
פאַרשטיקטע קולות הער איך,



געשפּרעך פון שטיינער און פון וואָרצלען,
און טריט פון איילנדיקע פיס. . .
איך הער אַ ווינט, ער יאָגט זיך אום,
ער רופט מיך אָן ביים נאָמען,
און איך דערשרעק זיך ניט פאַר אים...
און, רבי, זע, אָט קוקט אויף מיר
אַ פּנים דורך און דורך פון ליכט,
אַ גוף אַ ריזיקער ווי איך ;
ער טראָגט זיך, פלאַטערט איבער מיר
און וויגט זיך ווי אויף פליגלען צוויי,
ער וואַקסט אַרויס פון מיינע אַקסלען
און שפּרייט זיך אויס פון מיינע אָרעמס. . .

מהר"ל

שטיי אויף.

*גולם שטעלט זיך אויף*

און איצט וואָס זעסטו ?

גולם

איך זע אַ מענטש געקליידט אין שוואַרצן,
ער גייט אַהער מיט שטילע טריט,
מיט טריט, וואָס ליערן נאָך רויב. . .

מהר"ל

צעעפן נאָכאַמאָל די אויגן
און נאָכאַמאָל דערזע דאָס ליכט,
די פליגלען פון דעם א י נ ו נ ר א ה,
וואָס שפּרייטן זיך אַרויס פון דיר. . .
צום פינפער טורעם לאָז זיך גיין
און דאָרטן זיי, און דאָרטן שלאָף. . .

*גולם לויפט האַסטיק מיט איין שפּרונג אַרויס פון חדר. מהר"ל, אַליין און איבער-ראַשטער, פאַלט צו מיטן פּנים צום וואַנט. זיינע אַקסלען צוקן.*

---

אין פינפער-שלאָס. אַ גרויסער חרובער צימער. פון צוויי זייטן — אַריינגאַנגען אין אַנדערע חדרים. אין וואַנט אַ דורכגעלעכערטע, די איבעריקע — פאַרשוואַרצטע, פאַרצויגענע מיט שפּינוועבס, דורכגעגעצטע פון רעגנס. קיין טירן. שוועלן — וואַקלענדיקע. די שויבן — אויסגעבראָכן. ווו-ניט-ווו שטעקן נאָך איבערגעבליבענע שויבן פון פאַרשיידענע קאָלירן. אין איניקע פלעצער זעען זיך סימנים פון געוועזענע מאָלעריען. זיי זיינען אלע פאַרשמירט, באַדעקט מיט נאַכלעסיקע קריצן און פלעקן. אין איין ווינקל זעט מען נאָך קיטלען פון יעזוס-לאַמפּאַדעס.

אינם חדר האַלטן זיך אויף אָרעמע-לייט בעטלער. אויפן דיל, ווו זיי שלאָפן, ליגן אָנגעוואָרפן אַלטע שמאַטעס, פעקלעך, אַ פּאָר קישנס. אויף די ווענט הענגען טאָרבעס.

אָנהויב נאַכט. דורך די לעכערדיקע פענסטער וויעט אַ קאַלטער פרילינג-ווינט. פינסטער.

אַ קראַנקער אָרעמאַן ליגט אין אַ ווינקל אויף שמאַטעס צוזויפגעדרייט און פיבערט. די איבעריקע זיינען נאָך ניט אָנגעקומען

## קראַנקער

די ביינער מיינע ברעכן, אַלע ביינער.
גיי אויס — וועט קיינער גאָר ניט וויסן.
קאַלט איז מיר.

*זעצט זיך אויף*

ניטאָ נאָך קיינער.
אַ ביסל וואַרעם וואַסער זאָל ווער ברענגען.
אַ גאַנצן טאָג אין מויל נאָך ניט געהאַט. . .
אוי, די ביינער מיינע, אוי, די ביינער.

*לייגט זיך צוריק*

וואָס זאַמען זיי זיך אַלע ? ווייניק נאָך
דער טאָג פאַר זיי ; די גאַנצע וועלט

אריינגעשלונגען וואָלטן זיי. און וואָס און ווען ?
אָט העננט מיין טאָרבע פול געפּאַקט
מיט ברויט, מיט חלה... אוי, די ביינער מיינע...

זעצט זיך ווידער אויף

אַ פינסטערניש אַזאַ. נישטאָ קיין כח
צו שטעלן זיך און אָנצינדן דאָס לעמפּל,
מיט עפּעס וואָס די שויבן צו פאַרשטעקן...

שטעלט זיך אויף, שאַרט אין דער פינסטערניש. פאַלט אָנידער צוריק

אָ, גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב...

וואַרפט אויף זיך די שמאַטעס, וואָס ליגן לעבן אים, טוליעט זיך אין זיי און פיבערט. שטיל. עס קומט אַריין דער גולם. בלייבט שטיין אין מיטן חדר. וויים נישט ווו צו קערן זיך. שווייגט

קראַנקער

הויבט אויף דעם קאָפּ

שוין דאַנקען גאָט געקומען ווער ? געקומען !

גולם

שווייגט

קראַנקער

נישטאָ קיין צונג צו ענטפערן אַ חולה ?
וואָס שווייגט איר, האַ ? ווער זייַנט איר ?

גולם

שווייגט

קראַנקער

מיט וואַקסנדן שרעק

ווער זייַנט איר ? זעט איר ניט,
כ'יך וואַרפט אין קעלט. —

שפּרינגט אויף מיט אימפּעט און קוקט אויפן אַריינגעקומענעם. מאַכט געוואַלטן

פייער ! פייער !
ווער זייַנט איר ? ענטפערט... וואַרט אַ רגע,



כ'וועל אָנצינדן דאָס לעמפּל.

צינדט אָן אַ רויכערדיק לעמפּל. זיין שרעק ווערט נאָך גרעסער

וואָס דאַרפט איר דאָ ? וואָס רעדט איר ניט ?
אַן אָרעמאַן ?

גולם

שווייגט. זעצט זיך אוועק אויף דער ערד

קראַנקער

איר ווילט דאָ שלאָפן ?

גולם

ניט רעד צו מיר.

קראַנקער

פון וואַנען קומט איר ? אָן אַ טאָרבע גאָר.
דאָס ערשטע מאָל אין פּראָג ?

גולם

ניט רעד צו מיר.

קראַנקער

וואַרפט זיך צוריק אויף זיין געלעגער, קוקט מיט שרעקפולע אויגן אויפן גולם
דער גולם שטעלט זיך אויף, גייט אַריין אין צווייטן חדר, זעצט זיך ביי אַ וואַנט
אַנטקעגן טיר צו, קוים וואָס מען זעט אים אַרויס פון דער טונקלקייט.

עס קומען אַריין דער רויטער און דער בלינדער

רויטער

פאַרשטייסט ?

בלינדער

צי האָסטו גוט געזען ?

רויטער

אַ כומר קאָן מען גלייך דערקענען.

בלינדער

זאָל אמת זיין ?

### רויטער

אַז אַלע רעדן מוז זיין אמת.

### בלינדער

אַהינטער אונז איז ער געגאַנגען ?

### רויטער

אַ צוואַנציק טריט פון אונז, ניט מער,
געבויגן, שטיל, אין האַנט דער שטעקן.
און פלוצלינג אָפּגעקערט זיך אָן אַ זייט...

### בלינדער

אַז גאָט האָט מיך געשטראָפט איך זאָל ניט זען
די טריט פון דעם, וואָס יאָגט אונז נאָך.

### רויטער

געשטראָפט ? און אפשר גאָר געבענטשט.
איך בין דאָך ניט קיין ציטעריקער, דאַכט זיך,
און עפּעס האָט מיר אָפּגעהאַקט דעם אָטעם.

### בלינדער

דער פוס פון ניט קיין בעטלער האָט נאָך קיינמאָל ניט
געטראָטן אויפן וועג אַהער צום פינפער־שלאָס.

### רויטער

אַ נו, דו פרוו נאָר רופן ווערמען גיין אַהער,
וועט יעדער אַ פּאָר אויגן נאָר דיר אויסשטעלן.
פאַר חורבות האָבן אַלע מורא, אַלע.

### בלינדער

און מיר, מיר האָבן דען קיין מורא ניט ?
ניט מער, מיר קומען איבערשלאָפן נאָר,
פאַרשטעלט אונז שוין דער שלאָף און היט אונז.



### רויטער

און פלוצלינג, אַז דו זעסט אויף אונזער וועג
אַ פרעמדנס טריט אַהינטער דיר, —
פאַרשטייסט, וואָס קאָנען וועלן פרעמדע טריט ?.

### בלינדער

וואָס קאָנען וועלן ? גאָט דער לעבעדיקער ווייס,
נאָר ער איז אונזער פאָטער.

פלוצלינג

מיר זיינען דאָ אַליין ?

### רויטער

דער חולה ליגט דאָ. שלאָפט.

### בלינדער

און חוץ דעם חולה ?

### רויטער

איך זאָג דאָך דיר : דער חולה נאָר.

### בלינדער

צי דאַכט זיך מיר ? נו, קוק זיך גוט אַרום.

### רויטער

וואָס מיינסטו ?

### בלינדער

טאַפּט מיט די הענט, שלאָגט זיך אָן אָן דעם קראַנקן. קראַנקער כאַפּט זיך אויף

### קראַנקער

אַ ביסל וואַסער. ברענגט אַ ביסל וואַסער.

### רויטער

ניטאָ קיין וואַסער דאָ.

### קראַנקער

אין צווייטן חדר דאָ דערבײַ, — אָ, ניין,
ניט גייט אַהין, דאָרט זיצט אַ פרעמדער איינער.

### רויטער

אַ פרעמדער?

### בלינדער

הערסטו שוין? איך זאָג אַז —

טאַפּט אָן די שטעלן פון צווייטן חדר

אַ פרעמדער? ווער איז דאָ דער פרעמדער, האַ?

### רויטער

קוקט אַריין און שפּרינגט אָפּ

ער, ער, דער האָלץ־העקער. אָט דער — —

### בלינדער

אָט דער, וואָס האָט אַזוי נאָך דבורהלען — — —
גאָר דאָ? ווי קומט ער דאָ?

### רויטער

אַ לץ אַזאַ.

### בלינדער

ניט שריי, רעד שטילער.
דער רב האָט דאָך פאַרזאָגט ניט רייצן זיך.

### רויטער

איך רייץ זיך, וואָס? איך זאָג אַזוי.
גאָר ווער האָט אים געבראַכט אַהער?

### קראַנקער

אַליין איז ער אַריינגעקומען,
אויף מיר אַ טויט־שרעק אָנגעוואָרפן.



### רויטער

אַזאַ קאָן אמת אָנוואַרפן אַ טויט־שרעק,

### בלינדער

זיי שטיל. ניט זיי קיין חכם.

### גולם

ווייזט זיך אין טיר

איך הער מיין נאָמען איז דערמאָנט געוואָרן דאָ.

### רויטער

דיין נאָמען? ניין... איך האָב געזאָגט —
איך האָב געמיינט —

### גולם

דערמאָן ניט מער.

גייט אַריין צוריק

### רויטער

פאַרשטייסט? מעגסט דאַנקען גאָט,
וואָס דו ביסט בלינד און זעסט אים ניט.

### בלינדער

דער רב אַליין איז אים מקרב.

### רויטער

ס'איז עפּעס דאָ ניט גלאַט. דו הער מיין וואָרט.

### קראַנקער

פאַרשטעקט די פענסטער.

### רויטער

די לעכער, זאָג.

### קראַנקער

פאַרשטעקט. מיך וואַרפט אין קעלט.

### רויטער

די שמאַטעס אונזערע — געציילטע,
די לעכער — אָן אַ צאָל, מיט וואָס פאַרשטעקן ?

### קראַנקער

אָ, גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב...

### בלינדער

זעצט זיך אויף דער ערד, נעמט ארויס פון בוזעם אנגעקליבענע מטבעות, חיקלט אין א קניפּל

### רויטער

נעמט ארויטער פון וואַנט אַ טאָרבע, שיט ארויס פון איר ברעקלעך, טרייסלט.
צום בלינדן

אַ סך געמאַכט ? אַ סך ? און איך קיין פּרוטה.

### בלינדער

פאַרחיקלט דאָס קניפּל, באַהאַלט צוריק אין בוזעם

אַ סך. פון וואַנען ווייס איך צי אַ סך ?
דו פרעג די בלינדע אויגן מיינע.
דאָס מאַכן זיי נדבות. זיי — ניט איך.
אַז טאָג און נאַכט פאַר מיר איז איינס,
זאָל זיין אַ קניפּל כאָטש אין בוזעם...
נו, יאָ, דו פרעג די בלינדע אויגן מיינע.

### רויטער

דאָס גאַנצע ברויט שוין אויסגעגאַנגען.
נאָר פרישע חלות מאָרגן, פרייטאג מאָרגן.
פאַקט אריין שמאַטעס אין זיין טאָרבע, פאַרבינדט
זאָל זיין די טאָרבע גרייט, פאַרפאַקט...



### בלינדער

וואָס רעדסטו דאָרט ? איך הער ניט.

### רויטער

איך רעד, — וואָס האָב איך דען צו רעדן ?
זאָל זיין די טאָרבע אויפגעפאַקט...

### בלינדער

וואָס זאָגסטו ניט צו דעם, —
פאַרגעסן מעריב דאַוונען.
שטעלט זיך צום וואַנט

והוא רחום יכפר עון...
דאַוונט שטיל. עס קומען אריין דער הארבאַטער, דער הילצערנער פוס, דער הויכער און דער נידעריקער. אלע מיט אנגעפילטע טאָרבעס.
דער רויטער גייט זיי אנטקעגן

### רויטער

אַן אורח האָבן מיר, אַן אורח.
אָט דער, וואָס אויפן שול־הויף — — —

### אלע

וואָסער אורח ?

### רויטער

פון וואַנען קומט איר ? נישט געהערט גאָר ?
דער האָלץ־העקער פון שול־הויף.

### הויכער

איז טאַקע אמת ? — דאָ איז ער ?
עס קאָכט דאָך פראָג מיט אים.

### רויטער

אָ, זיצט ער. זיך פאַרשלאָגן אין דער פינסטער
און גלאָצט דאָרט מיט די אויגן.
אלע קוקן אריין

נידעריקער

אַזאַ גדול!

רויטער

ניט שריַי. ער קען דערהערן נאָך. אַ מורא.

הילצערנער פּיס

ער שלאָגט זיך, וואָס?

רויטער

בענוג – ער טוט אַ קוק,
פאַלט איין דאָס האַרץ, נאָך שלאָגן דאַרף ער זיך.

הויכער

ווי רופט מען אים?

רויטער

זייער שטיל

מען זאָגט, אַז יאָסל.

דער גולם שפאַנט אריין. אַלע רוקן זיך אָן דער זייט

גולם

מיין נאָמען איז דערמאָנט געוואָרן דאָ.
דערמאָן נישט מער.

גייט אריין צוריק

רויטער

דאָס צווייטע מאָל שוין היינט,
און אַלץ מיט מיר. געהערט אַזאַ שגעון?
כ'האָב דאַכט זיך שטיל געזאָגט.

נידעריקער

וואָס איז, מען טאָר אים ניט דערמאָנען גאָר?

אַלע קוקן זיך אָן פארחידושט



הויכער

אָוו אַ צרה – גלייך צו אונז אין חורבה.

רויטער

דער רב אַליין האָט אים אַהער געשיקט.

אַלע

דער רב אַליין?

צוזעצן זיך און בינדן פאַנאַנדער זייערע טאָרבעס

רויטער

באַגעגנט האָט איר קיינעם ניט?
דער כומר – – –

אַלע

ווער? טאַדעוש?

בלינדער

דאָהונענדיק מאַכט מיטן האַנט מען זאָל ניט רעדן

נו, נו... ששש...

אַלע שווייגן שטיל. לייגן ארויס דאָס אָנגעבעטלטע.

רויטער

און איך האָב שוין מיין טאָרבע איינגעפּאַקט,
און איר צעלייגט זיך ערשט...
אומזיסטע טרחה נאָר, אומזיסט די טרחה.

הויכער

וואָס רעדט ער דאָרט?

רויטער

מען זאָגט דאָך אייך, צי האָט איר ניט געהערט? –
מען וויל דאָך אונז אַרויסטרייבן פון דאַנען.

בלינדער

שש, אַ, שש...

### הויכער

אַרויסטרייבן? פון דאַנען? פון דער חורבה?
און פראַג דורכויס איז אונז מקנא.
אַוווּ מען קומט ניט פרעגט מען היינט:
איז פלאַץ פאַראַן אין פינפער־שלאָס פאַר נאָך?..
פאַרשטייט איר שוין? — דער גאַנצער פינפער־שלאָס
וועט ווערן אָנגעפאַקט מיט יידן,
אַרויסגעטריבענע פון אַלע הייזער...
פאַרשטייט איר שוין? — פון הייזער קאָן מען טרייבן,
מען קאָן דאָך אָבער ניט פון חורבות טרייבן...
פאַרשטייט איר שוין, פאַרוואָס דער פינפער־שלאָס
וועט ווערן אָנגעפאַקט מיט יידן?..

### בלינדער

אַך, נו, ששש...

### האָרבאַטער

און אַז מען וועט פון דאַנען אויך
אונז קומען טרייבן, חס ושלום?..

### הויכער

מיר וועלן עפענען די טאָרבעס אונזערע:
— נעמט צו איינגאַנצן, נעמט...
און אַז זיי וועלן צונעמען איינגאַנצן, —
נו, יאָ, זיי וועלן צונעמען איינגאַנצן:
די חלות און די שטיקער ברויט,
די בגדים און — וואָס נאָך? וואָס נאָך?..
נו, יאָ, זיי וועלן צונעמען איינגאַנצן...

### בלינדער

ענדיקט דאַוונען, שטייט ביים וואַנט

פאַראַן אַ גאָט אין הימל, יידן.



### קראַנקער

זעצט זיך אויף

פאַראַן, פאַראַן אַ גאָט אין הימל, קוקט ער צו,
ווי בעטלער זיצן נאָך אַ טאָג פון בעטלען
און קלאָגן איבער חלות, איבער ברויט...
און אַז זיי פאַלן מיד אַנידער
און מאַכן צו די אויגן און זיי שלאָפן,
פאַרבלייבן דאָך די חלות ניט באַוואַכטע..
און יעדער קאָן דאָך קומען און זיי צונעמען,
אַפילו ניט קיין שונא, נאָר אַ דורכגייער...
ווייל ווער עס איז אַ דורכגייער, דער — שלאָפט ניט,
ער זיצט אַן אָנגעכמורעטער און שלאָפט ניט,
און בעטלער זיינען מיד און שלאָפן...
פאַראַן אַ גאָט אין הימל, קוקט ער צו.

### הויכער

וואָס איז מיט אים? וואָס רעדט ער?

### קראַנקער

שוין צוויי טעג ניט געבעטלט. נו, איז וואָס?
מיין טאָרבע ליגט פאַרבינדן, ניט גערירט.
און ווער עס וואָלט געוואָלט האָט לאַנג געקאָנט
זי אָפּבינדן און צונעמען, אַוועקגיין...
איז קיינער ניט געקומען. נו, איז וואָס?
מען קאָן נאָך קומען מאָרגן, איבערמאָרגן,
ווייל קיינמאָל איז ניט שפּעט...
מען קאָן אַפילו קומען היינט. —
פאַראַן אַ גאָט אין הימל, קוקט ער צו...

### בלינדער

וואָס רעדט ער, האַ?

### קראַנקער

אָס בין איך דאָך אַ גאנצן טאָג געלעגן
און אַלץ געהערט, געזען.
און ווער עס קאָן אַלץ זען און הערן
דאַרף ליגן אויף איין אָרט...
און ווען איך האָב הויך גערופן
איז יענער ניט געקומען...
און ווען איך האָב ניט גערופן
איז יענער יאָ געקומען...
דאָס לעצטע ביסל וואַסער פאַר מיין גומען
איז ניט דערלאַנגט געוואָרן;
און אָנגעצונדן האָב איך פייער נאָר פאַר שרעק,
און צוגעפאַלן מיטן פנים צו דער ערד
אין ניט געשטילטן דאָרשט...
ווייל ווען איך האָב ניט גערופן
איז יענער יאָ געקומען...

### אלע

וואָס איז מיט אים? וואָס רעדט ער?

### קראַנקער

איך רעד ניט מער, איך רעד ניט מער,
זאָל רעדן יענער, ווען איך האָב ניט גערופן,
פאַראַן אַ גאָט אין הימל — קוקט ער צו...

ליגט זיך אַוועק צוריק, גראָבט זיך איין אין געלעגער. דער גולם קומט אַרויס און בלייבט שטיין ביים טיר. אַלע פון שרעק רירן זיך ניט. אין דעם קומט אַריין תנחום, מעסט אָפּ אַלעמען מיט די אויגן, דערזעט דעם גולם און שטייט אַ צוגעשמידטער

### רויטער

עס וועט זיין פריילעך באַלד.



### תנחום

גייט אויף אים אָ פּייזן קוק, זאָגט גאַרנישט, גייט צו האַרט צום גולם און צעלאַכט זיך אויפן קול.

### הויכער

וואָס לאַכסטו, משוגענער?

### תנחום

דו קענסט זיי?

טייטלט אויף אַלעמען מיט די פינגער

דו ווייסט ווער זיי זיינען? דו זעסט וואָס זיי טוען?
דו האָסט דאָך גרויסע הענט — דערשלאָג זיי;
דו האָסט דאָך גרויסע פיס — צעטרעט זיי;
איך האָב געזען אַ האַק ביי דיר — ווו איז זי?
דו זעסט דעם האָרב? די רויטע באָרד?
דו זעסט דעם פוס — צעשפּאַלט אים,
דו קאָנסט דאָך שפּאַלטן האָלץ.

### גולם

זאָגט גאָרנישט. גייט אַריין צוריק אין דער פינסטערניש. תנחום זעצט זיך אַרונטער אויף דער ערד, נעמט אַרום דעם קאָפּ

### רויטער

צעלאָזט זיך, דער משוגענער.

### הויכער

אים דאַרף מען נאָר אַ שלעפּ טאָן פאַרן צונג.

אַלע שווייגן שטיל

### תנחום

דערווייל בין איך דער באַלעבאָס —
די שוועלן זיינען מיינע,
די אויסגעהאַקטע שויבן זיינען מיינע,

און איך האָב אייך אַריינגעלאָזט אַהער, —
איך !
נאָך זיבן טעג, נאָך זיבן נעכט,
און ער וועט אויפשטיין,
פונם פייערדיקן רייטוואָגן אַרונטערנידערן אַהער,
דאַן וועט איר אַלע מוזן גיין ;
דער פינפער־שלאָס געהערט צו אים,
צו אים — מיין יורש. . .
צי הערט איר נישט ווי אַלע חורבות שרייען,
ווי אַלע שויבן רופן :
ווען קומט ער שוין ?. .
קלייבט אויף די שמאַטעס,
פאַרבינדט די טאָרבעס,
ראַמט אויף די וווינונג
פון מיין יורש. . .

עס קומען אַריין צוויי פרעמדע וואַנדערנדע אָרעמע לייט, דער אַלטער בעטלער און דער יונגער. פאַרשטויבטע פון לאַנגן וועג מיט שטעקנס אין די הענט און טאָרבעס אויף די פּלייצעס. ביידע זייער מיד

## ביידע אָרעמע לייט

אַ גוט ג'אָוונט אייך, יידן.

אַלע ענטפערן : גוט יאָר

## אַלטער בעטלער

געטראָפן גוט. נו, זעסט. יידן אומעטום.
מיר וועלן קאָנען איבערשלאָפן דאָ,
וואָס זאָגט איר, יידן ?

## הויכער

אודאי, זיידע.

גיט שלום־עליכם צו ביידע בעטלער און אַלע אַ חוץ תנחומען און דעם קראַנקן
זוען אויך דאָס זעלבע



## אַלטער בעטלער

עליכם - שלום, יידן, עליכם - שלום. . .
איר שלאָפט זיך אויפן דיל אַזוי, מסתמא,
נו, וועלן מיר זיך אויך אַזוי שוין צושפּאַרן.
נאָר איבערנעכטיקן די נאַכט, נאָר איבערנעכטיקן. . .

## רויטער

איר קאָנט אַ פולע נעכט דאָ שלאָפן, זיידע,
די חורבות זיינען גרויס גענוג פאַר אַלעמען.

## אַלטער בעטלער

מיר דאַרפן דאָ נאָר איבערנעכטיקן, ניט מער,
און מיטן טאָג גלייך ווייטער לאָזן זיך ;
מיר זיינען מיד. נאָך מערער - ער.
נאָך יונג און ניט געוווינט צום וועג,
דערצו נאָך זיינע פיס — —

זיי נעמען אַרונטער די טאָרבעס פון זיך און נעמען זיך אויסזעצן

## הויכער

איך זע טאַקע, ער הינקט.

## אַלטער בעטלער

עס האָבן וונדן זיך אויף זיינע פיס
פון לאַנגן גיין אַרויסגעשלאָגן.
ער וואָלט באַדאַרפט זיך אויסרוען. —
ווי קאָן מען עס ? ניטאָ קיין צייט פאַר דעם.

## הויכער

איר ציילט אין ערגעץ ?

## אַלטער בעטלער

ניין, מיר איילן ניט.
אַהערצו האָבן מיר געיילט. די לעצטע טעג

אָן אָפּרו טאָג און נאַכט געגאַנגען זיינען מיר.
פון דאַנען אָבער וועלן מיר ניט איילן שוין..

### הויכער

איר דאַרפט עפּעס אין פּראָג ?

### אַלטער בעטלער

מיר דאַרפן... יאָ, מיר דאַרפן...
וואָס הערט מען עפּעס דאָ ביי אייך אין פּראָג ?

### הויכער

ניט פריילעך, זיידע, גאָר ניט פריילעך.

### אַלטער בעטלער

אַזוי ? ניט פריילעך ?

*שטיל. דער יונגער בעטלער זעצט זיך אויף דער ערד, הויבט אָן פאַנאַנדערבינדן די ווונדן פון זיינע פיס. וויקלט שמאַטעס נאָך שמאַטעס און פאַרוויקלט צוריק*

### האָרבאַטער

ער זעט ניט אויס גאָר ווי קיין בעטלער, יידן.
אַזאַ איידל פּנים —

### הויכער

איר קומט פון ווייט אַ פּנים, זיידע ?

### אַלטער בעטלער

פון ווייער, זייער ווייט. און דאָ איז נאַכט שוין.
מיר גייען, ערשט אַנטקעגן אונז דער שלאָס,
מיר זעען פּוסטע פענצטער, פּוסטע טירן,
איז טראַכטן מיר, מען קאָן אַהער אַריינגיין...
נו, היינט שוין וועלן מיר די גאַנצע נאַכט
זיך אויסשלאָפן און אויסרוען...



### יונגער בעטלער

אַזוי מיד בין איך, אַזוי מיד

### אַלטער בעטלער

*ווייזט אויף תנחומען*

וואָס זיצט ער עפּעס ווי אַן אָבל ?

### הויכער

אַ ביסל פונם זינען, זיידע.

*אַלע קוקן ווי דער יונגער וויקלט די ווונדן פון זיינע פיס*

### יונגער בעטלער

זיי שלאָגן זיך אַלץ מער פאַנאַנדער, פּלאַצן,
זיי גרייכן שוין די קני... ווי מיד איך בין.
די אויגן מיינע קלעפּן זיך...

*פאַלט צו צו דער ערד און שלאָפט*

### אַלטער בעטלער

*לייגט אונטער אַ טאָרבע אונטערן יונגנס קאָפּ*

נו שלאָף, נו שלאָף...

### תנחום

*שפּרינגט אויף*

עס קומען אורחים איבערשלאָפן דאָ,
און מיך גאָר פרעגט מען ניט ;
דערווייל בין איך דער באַלעבאָס...

### רויטער

זיי שטיל. דו זעסט ניט, אַז מען שלאָפט.

### תנחום

ער שלאָפט ? ווי קומט ער שלאָפן ? וואָכן דאַרף ער.
פאַנאַנדעררייסן זאָל ער זיינע אויגן !

אַהערצו קומט מען וואַכיק זיין,
ציטערן,
פיבערן,
לויערן. . . —
טויטע דאַרפן אויפשטיין
און ער — גאָר שלאָפן!

### רויטער

פאַרמאַך דאָס מויל, משוגענער.

טוט אים אַ שטויס, תנחום פאַלט אַנידער

### אַלטער בעטלער

ניט שלאָגט אים, יידן.

### רויטער

מען קאָן פון אים ניט אויסהאַלטן, איך זאָג אייך.
ס'איז אָן אים אויך גענוג דאָ צרות.

### תנחום

ליגט און שרייט

טויטע דאַרפן אויפשטיין,
און ער — זאָל שלאָפן? — —

### מהר"ל

קומט אַריין אַ איילנדיקער, קוקט מיט בייזע שטרענגע אויגן

### אַלע

פאַרוואונדערט

דער רב! דער רב!

### מהר"ל

קוקט אויפן אַלטן, דער אַלטער אויף אים. אַ לאַנג שטילשווייגן



### מהר"ל

צו די פרעמדע בעטלער

וואָס טוט איר דאָ? וואָס טוט איר ביידע דאָ?
ווער האָט נאָך אייך געשיקט?
און ווער האָט אייך געהייסן קומען?

### אַלטער בעטלער

נאָר איבערנעכטיקן, פון לאַנגן וועג נאָר איבערנעכטיקן.

### מהר"ל

אַליין געקומען? אַליין גאָר קומען?
פאַרנעמט אויף שנעל די פעקלעך אייערע
און וועק אים אויף און — גייט,
איך הייס.

### אַלטער בעטלער

מיר זיינען מיד פון לאַנגן וועג.
מיר האָבן זיך אַזוי געיילט —

### מהר"ל

געיילט?
סאָ איילט אויף שנעל צוריק. איך הייס.

### אַלטער בעטלער

ער שלאָפט אַזוי געשמאַק. ניט וועק אים.

### מהר"ל

איז מער קיין חורבות שוין ניטאָ?
באָר דאָ געפעלט אייך? וועק אים אויף.

קלאַפט מיטן שטעקן

אַליין גאָר קומען. אַליין גאָר איילן!

גולם קומט אַריין. ווי דער אַלטער דערזעט אים ווערט ער גאָר אַן אַנדערער. ער ווערט בלייך, הויבט אָן ציטערן, נעמט אויף שנעל וועקן דעם יונגן בעטלער

אַלטער בעטלער

שטיי אויף, שטיי אויף, אַ גיכער!
מיר מוזן גיין, מיר מוזן גיין.

נעמט אויפקלייבן זיינע זאַכן

יונגער בעטלער

פאַרשלאָפן

אָ, נאָך אַ ביסל שלאָפן, נאָך איין ביסל.

דערזעט דעם גולם און נעמט אויך ציטערן און איילן זיך

קום שנעל אַוועקגיין. שנעל.

זיי כאַפן ארויף אויף זיך די זאַכן און לויפן אַרויס אין איילעניש. גולם טוט זיך אַ לאָז נאָך זיי, ווי"ל נאָכלויפן

מהר"ל

וואוהין?

צו די יידן

טאַדעוש גייט אַהער, זייט וויסן.

אַלע טומלען פון שרעק

גולם

מיט זיי. איך וויל צו זיי.

מהר"ל

זיי דאָ. איך הייס דיר. ז י י ע ר צייט
איז ניט געקומען. איצט איז ד י י ן צייט.

אַלע בעטלער

וואָס וויל ער טאָן טאַדעוש?

מהר"ל

אַרויסטרייבן פון דאַנען וויל ער אייך.
דער פינפער=טורעם איז ניט אונזערער.

אַלע כאַפן אויפבינדן זייערע טאָרבעס. דער חולה און תנחום בלייבן ווי פריער



מהר"ל

שטילערהייט צום גולם

ווייסט וויסן וואָס דו האָסט צו טאָן?

גולם

כ'וועל וויסן, רבי.

מהר"ל

נאָר ניט אויף טויט.

גולם

כ'וועל וויכן, רבי.

מהר"ל

דער אינו נראה וואָס אין דיר זאָל אויפשטיין...
איצט גיי אַריין און וואַרט.

גולם גייט אריין צוריק אויף זיין פריערדיקן פלאַץ. מהר"ל גייט אַרויס. די בעט-לער, פאַרטאָן אין זייער שרעק און אויפקלייבן די טאָרבעס, האָבן גאָרנישט באַמערקט. עס קומען אריין ט אַ ד ע ו ש מיט זיין באַגלייטער, אַ מ אָ נ אַ ך

טאַדעוש

דו קוקסט זיי אָן די כלומרשטיקע בעטלער,
זיי זיינען רייכער, גלויב מיר, פון אונזביידן;
דו זעסט דעם האָרב, דער האָרב איז אַ געפעלשטער —
צונויפגעקנוילטע שמאַטעס.

מאָנאַך

איז ער אַ קינסטלער, דער האָרבאַטער, אויב אַזוי.

טאַדעוש

און דער, דער בלינדער, איז קיין בלינדער ניט,
מיר קענען זיי, די צוגעמאַכטע אויגן...

מאָנאַך

חייזט אָן אויפן קרומען

דאָס קאָנסטו, פאָטער, שוין ניט חושד זיין אויף אים...
זיין קלעצל שטעקט אַרויס גאַנץ אָפן.

## טאַדעוש

גלויב אים ניט,
אַפילו דו זאָלסט אָנטאַפּן דאָס האָלץ.
אַזוינע קאָנען אָפּשניידן אַ פוס
און האַלטן אים באַהאַלטן אין אַ טאָרבע,
און ווען מען דאַרף אים צושטעלן צוריק...
זיי לעבן זיך ווי באַלעבאַטים דאָ,
אַזוי ווי זייערער דער טורעם וואָלט געווען;
די ווענט — פאַרשמירט, מיט נעגל אָנגעזעצט,
די לופט פאַרכאַפּט דעם אָטעם צו דערשטיקן.
און דאָ האָט עס אַמאָל געגלאַנצט דער רום
פון אונזערע גבורים, אַדל־לייט און פירשטן;
אויף די פאַרלייזיקטע צעשרויפטע דילן
געטראָטן האָבן קעניגלעכע פיס;
דו זעסט ניט, ווי עס שרייען פון די ווענט
די אָפּגעריבענע, פאַרשפּייטע מאַלערייען.
און דאָ אין ווינקל, זעסט, נאָך הענגען קייטלעך
פון הייליקע לאַמפּאַדעס. דורך דעם שיין פון זיי
אַרויסגעקוקט מיט ליבשאַפט האָבן ז י י נ ע אויגן,
געזוייט מיט טרויער האָט זיין דאָרן־קראַנץ,
וואָס זיי, די נישט געצלמטע, די שווייגנדיקע,
אַרויפגעשטאָכן האָבן אויף זיין שטערן;
צו נישט איז אַלץ געוואָרן, ע ר — פאַרטריבן,
דער בוימל אויסגעלאָשן, נאָר די קייטלעך באָמבלען זיך
צום חוזק נאָר... און — טאָרבעס, טאָרבעס!..

צו די אַרעמע לייט

וואָס גלאָצט איר מיט די אויגן און איר זאָגט קיין וואָרט?
איר לעבט צווישן אונז פאַרביטערט און דערצאָרנט,
און טראָגט דעם צאָרן אייערן, ווי ער — דעם האָרב.
צי האָבן מיר אייך ווייניק נאָך געפייניקט,
געבּרענט, געוּרודפט און געפירט אייך צו דער שחיטה?
מיר זיינען מיד שוין לאַנג פון אונזער האַס צו אייך,



פון אונזער ברענענדער רציחה, און וואָס מער
איר וואַרפט זיך אין די אויגן אונז מיט אייער האַרטקייט,
מיט אייערע פאַרביסענע פאַרשטייפטע ליפּן,
אַלץ מער צעשטערט איר אונזער טרוים נאָך רו,
אַלץ מער צעפלאַקערט איר אין אונז דעם האַס.
קיין שלום וועלן מיר מיט אייך ניט מאַכן,
ווייל אונזער בייזער חלום זיינט איר, אונזער שרעק;
מיר קאָנען ניט אַרומגיין אויף איין ערד מיט אייך,
באַלויכטן פון איין זון און אָטעמען איין לופט.
די לופט, וואָס איי׳רע לונגען אָטמען איין,
פאַרוואַנדלט זיך אין סם פאַר אונזער האַרץ;
און אונזער האַרץ וויל ר ו א ו ן פ ר י ד ן,
וויל אָ פּ ר ו ע ן פין אייך, דערלייזן זיך פון אייך...
איר ליגט אויף אונזער קאָפּ, אויף אונזערע געוויסנס,
ווי שוואַרצע שפּינען, איינגעפלאָכטענע אין קנוילן,
און שפּינט און שפּינט די נעצן פון קאָשמאַר...
מיר האָבן אייך גערודפט; ווייניק נאָך — מיר וועלן מער!
מיר וועלן אונזער בענקעניש נאָך רו און פרידן,
נאָך גוטס און ליבשאַפט שטילן נ אָ ר אין אייער בלוט,
אין טאַנץ אַרום דעם פלאַם פון שייטערהויפנס...
מיר וועלן צינדן שייטערהויפנס מער און מער,
ביז וואַנען איר וועט אונז פון אייך דערלייזן!
מיר טראַכטן, זאָגט איר, אויס אויף אייך בלבולים,
און איר — איר טוט נאָר און פאַרענטפערט זיך
און האַלט אין איין דערוויזן, אַז ס׳איז ליגן, —
וואָס האָט איר ניט קיין מוט אַרויסגיין אָפן
פאַר אַלעמען, אין אַלע גאַסן שטאָלץ און ווירדיק,
און זאָגן: יאָ, מיר טרינקען בלוט אויף פסח,
מיר האָבן אַלע מאָל געטרונקען, וועלן טרינקען!..
מיר ברענען אייך אומזיסט אויף שייטערהויפנס,
וואָס גייט איר צו זיין פייער ווי צום טאַנץ?
וואָס מאַכט איר ניט קיין איבערפאַל אויף אונז,

װי מיר אױף אײך, מיט פּאַקעלן און העק ? --
און איצט, אין דער מינוט איך רעד צו אײך,
װאָס הערט איר מײנע רײד און ענטפערט ניט ?
זאָל אײנער זיך אַרױסװײזן מיט מוט,
אַרױסטרעטן, אַרױסכאַפּן מײן שטעקן
און געבן מיר אַ זעץ אין קאָפּ ! — איר שװײגט,
איר װאַרט שױן איך זאָל אױסשרײען : אַרױס ;
אָ, אײביק, אײביק זײט איר גרײט צו גײן —
טאָ גײט ! . .

אַלע בעטלער גײען אַרױס שװײַגנדיקע מיט די טאָרבעס אױף די פּלײצעס. דער קראַנקער און תּנחום בלײַבן צום לעצט, זײ שפּרינגען אױך אױף און לױפן אַרױס, װי מען לױפט פון אַ פײַער

## טאַדעוש

אַזױנע הינט. מען הײסט זײ — גײען זײ, און שױן.

דערשראָקן

דו הערסט ניט ? טריט.
איז עמעצער געבליבן נאָך פון זײ ?

## מאָנאַך

ניטאָ דאָ קײנער, פּאָטער הײליקער.

## טאַדעוש

קוקט אַרײן אין צװײטן חדר

ניטאָ. נאָר הערסטו ניט װי עמעץ גײט דאָ אום ?

## מאָנאַך

עס דאַכט זיך אונז.

## טאַדעוש

איך הער דאָך טריט. װאָס טוט זיך דאָ ?
און עפּעס װיגט די לופט זיך אום.



## מאָנאַך

מיר בױגן זיך די קני.

## טאַדעוש

אָ יעזוס הײליקער, באַשיץ אונז.

זײ צלמען זיך

די לופט אַרום הױבט אָן צו פּײַפן, דרײען זיך, װי אַ שטורם-װינט, אַזױ װי עמעצער װאָלט געפּאָכעט מיט לאַנגע פײַכטע ריטער. טריט פון ריזיקע ניט געזעענע פיס הױבן אָן אַרומצושפּאַנען. אױף די קעפּ פון טאַדעוש און מאָנאַך נעמען פאַלן מוראדיקע קלעפּ, אײנע נאָך אײנע. זײ דרײען זיך אום אין װילדן שרעק, בױגן זיך צו דער ערד, לױפן צו די טירן, און װו זײ לױפן פאַרפאַלן זײ ניט די קלעפּ פון די ניט געזעענע הענט

## טאַדעוש

ניט-גוטע זײַנען דאָ, ניט-גוטע. קום אַנטלױפן.

נאָר בײַ אַלע טירן װערן זײ פאַרהאַלטן, אָפּגעװאָרפן אױף צוריק, און די קלעפּ אױף זײערע קעפּ הערן ניט אױף. פון זײערע נעזער הױבט אָן צו פליסן בלוט. זײ פאַלן צו דר׳ערד, קרעכצנדיק פון װײטאָק און שרעק. זײ װערן מיט אַמאָל אױפגעהױבן אין דער לופטן און װערן אַרױסגעשטױסן דורך די פענסטער. עס הערט זיך פון יענער זײַט שלאָס װי זײ פאַלן אַרונטער מיט אַ קלאַפּ צו דער ערד. עס װערט שטיל. דאָס ציטעריקע לעמפּל הױבט װידער אָן רויק צו ברענען. פונעם זײַטיקן צימער שפּאַנט אַרײַן דער גולם. ער פיבערט פון אױפרעגונג. זײַן פּנים בלײַך, זײַנע אױגן טיף טיף אַנגעצונדענע. ער אָטעמט שװער מיט ברײט צעעפנטע נאָזלעכער. ער פאַלט צו צו אַ װאַנט און שטײט מיט אַ פאַרװאָרפענעם קאָפּ

## גולם

װו ביסטו, רבי ? װו ביסטו ?

## מהר״ל

אײַלט אַרײַן

כ׳בין דאָ, כ׳בין דאָ.

## גולם

אָ, רבי, רבי.

מהר"ל

רעד, איך הער

גולם

ביט גיי אַוועק פון מיר. אָ, נעם מיך פאַר אַ האַנט.

מהר"ל

וואָס איז דיר?

גולם

פינסטער, פינסטער, רבי.
ביט גיי אַוועק פון דאַנען.

מהר"ל

איך מוז אַוועקגיין. לייג זיך שלאָפן איצט.

גולם

אָ, גיי ניט, גיי ניט.

מהר"ל

ווּעסט דאַרפן פיל נאָך אויפטאָן. לייג זיך.

גייט אַרויס

גולם

אָ, רבי, זיי מיט מיר, מיט מיר.

קוקט זיך אום

אַוועקגעגאַנגען.
פאַרוואָס איז שטיל געוואָרן מיט אַמאָל?
אַ פינסטערניש. אַ פינסטערניש... ווּ ביסטו, רבי?

ציט זיך אויס אויף דער ערד און רופט

ווּ ביסטו, רבי? פינסטער, פינסטער...

---



# נישט גערופענע

א פעלד הינטער פראג. נאכט. שטיקער האלקן שווימען אום. דער אלטער בעטלער און דער יונגער בעטלער זיצן בײם װעג, װאס פירט אין דער װײטקײט ארײן

## יונגער בעטלער

קײנער װיל מיך ניט דערהערן,
איך בין פרעמד און ניט דערקענט;
קראנק, װי מײנע פיס, אויך װערן
מײנע אויסגעשטרעקטע הענט.

פינסטער, קאלט מיט טויטע טרערן
אײלט דער מארגנדיקער טאג;
קײנער װעט דעם װעג אים שטערן
פרײ ארײנצוגײן אין פראג.

מיר גײט קײנער ניט אנטקעגן,
ניט מיט פרײד און ניט מיט קלאג; —
נאכט איז שוין אויף אלע װעגן,
צו די טויערן פון פראג.

## אלטער בעטלער

שװײגט

## יונגער בעטלער

זײנען זעקס מעת-לעת אריבער,
הײנט דער זיבעטער מעת-לעת;
אלע אין געשפאנטן פיבער
װארטן אויף דעם גולמס נס.

פון דעם מאַן, וואָס טראָגט דעם צלם,
צו דעם בעטלער מיטן זאַק,
קומט דער אויסלייזער, דער גולם,
מיט אַ פויסט און מיט אַ האַק.

**אַלטער בעטלער**

רעד ניט, זון מיינס, אַזוי ביטער,
אַזוי מוז מסתמא זיין,
גאָט באַשיצער, גאָט באַהיטער,
לייג זיך אָפּרוען, שלאָף איין.

**יונגער בעטלער**

קום פון דאַנען, קום אַנטלויפן,
זע, עס ציט זיך שוין דער רויך
פון די פּראָגער שייטערהויפן
צו דער אָוונטיקער הויך.

העלפן קאָן איך ניט דעם קרבן,
אויך ניט — גיין מיט אים צום טויט;
אָט דער קרבן איז געשטאָרבן,
און דער שייטער=פלאַם פאַרגייט...

**אַלטער בעטלער**

וועלכער קרבן? איינע שרעקן
נאָר דו טוסט און מאָלסט זיך אויס!
פרילינג=ווינט פון אַלע עקן,
די לבנה שווימט אַרויס.

**יונגער בעטלער**

אַך, צי הערסטו ניט פון דאַנען
אַ דערוואָרגענעם געשריי?
און אַ חייל מיט פאָרזיכט שפּאַנען
פיס נאָך פיס, דאָס זיינען זיי.



**אַלטער בעטלער**

וועמענס פיס?

**יונגער בעטלער**

די פיס פון שונאים,
עפּעס גרייטן זיי אין הייל;
אַ פאַרשטעלטער קרומער פנים
שרייט פון וויטן: ניט דערצייל...

אַך, פאַרמאַך מיר מיינע אויגן
און מאַך שטום מיין צונג אין מויל,
איבער מיר האָט זיך פאַרצויגן
ערב=פּסחדיקער גרויל...

**אַלטער בעטלער**

לייג זיך צו און ווער אַנטשלאָפן,
דאָס איז אונזער לעצטע נאַכט;
זעסט, אַ שיין איז דורכגעלאָפן,
דיר דערלייכטערונג געבראַכט.

אָט דער שיין איז דיינער אייביק,
ער באַגלייט דיך טראָט נאָך טראָט,
ווייל, ער ווייס, דיין האַרץ איז גלויביק,
אויסדערוויילט פון גרויסן גאָט.

דיין פאַרצווייפלונג קומט פון טרויער,
און דיין ליבשאַפט איז דיין פּיין;
ווייל דיין אומגעדולד איז דויער,
און דיין פינסטערניש איז שיין.

קיינער, קיינער איז ניט שולדיק,
וואָס מיר זיצן אָן דער זייט,

אַז מיר זיינען ניט געדולדיק
און געקומען פאַר דער צייט...

זיצן ביידע און שווייגן

## אַלטער בעטלער

ווער אנטשלאָפן. דיין צוקאָפּן
זאָלן זיין דיר מיינע קני,
ביז פון טוי די ערשטע טראָפּן
וועלן אויפגיין אין דער פרי.

אין דער שטילקייט וועל איך היטן,
היטן דיין פאַרוואָגלט שלאָף;
וויפיל דו האָסט נאָר געליטן,
איז דאָס אַלץ נאָך ניט קיין שטראָף.

ניט קיין שטראָף, נאָר אַ פאַרבאָרגן,
אַ געהיימניספול באַרוף;
אויב ניט מאָרגן, איבערמאָרגן –
קומען וועט אַמאָל דער רוף...

## יונגער בעטלער

רעד ניט, רעד ניט. קום וואָס שנעלער,
נעם אין מדבר מיך צוריק;
וואָס די נאַכט ווערט שטילער, העלער,
אַלץ דערשראָקענער מיין בליק.

הענט נאָך הענט, איך זע, פאַרבראָכן,
אויגן פלאַצן, רינען אויס,
אָפּגעהאַקטע קעפּ און קנאָכן,
פלאַם און רויך אין יעדער הויז.

ביי די טירן פון די הייזער
שטייען צוויי און קוקן צו



אויף די זייגערס, ווי די ווייזער
קריכן, קריכן – איך און דו.

אַלע העלזער אויסגעשניטן.
אין געמיש פון אַש און בלוט
שטייען מיר און היטן, היטן,
ניט פאַרפעלן אַ מינוט...

ווייל מיר זיינען שטומע עדות
פון סכנות, מאָרד און טויט,
שטומע עדות, בלינדע סודות
אין דער פינסטערניש צעשפּרייט...

פאַלט צו צו די קני פונעם אַלטן בעטלער

זיי מיר מוחל, וואָס איך רייס
מיינע ווונדן ריס נאָך ריס;
זיי מיר מוחל, וואָס איך בייס
מיינע ליפּן ביס נאָך ביס.

זיי מיר מוחל, וואָס איך וואַרט
אויף דערפרייענדיקע רייד;
זיך אַליין גענאַרט, פאַרנאַרט
מיט פאַרגייענדיקער פרייד...

לאַנג שטילשווייגן

## יונגער בעטלער

ליגנדיק מיטן קאָפּ אַרונטערגעהאנקען

וויג זיך, וויג זיך
אויף מיין קייט,
אַלטע, בלינדע
אייביקייט.

רינגען, רינגען, –
מיינע טריט

דרייט צוזאַמען
און פאַרציט.

פון צעטומלטן
געלויף
שעהן, רגעס, —
קלייבט זיך אויף.
וויגט, פאַרשלעפערט
זיך צום טויט
אויף די רינגען
פון מיין קייט.

איך אַליין,
פאַרשטעלטערהייט,
וויג זיך, וויג זיך
אויף דער קייט.

שלאָפט איין. דער אַלטער זיצט איבער אים און וואַכט. הויבט אויך אָן איינצו־
דרעמלען. מהר״ל קומט אָן איילנדיק, אומגעדולדיק. ציטערט פון אויפרעגונג

### מהר״ל

איר זיינט נאָך דאָ? איז ווייניק
אייך איינמאָל צו באַפעלן.

### אַלטער בעטלער

כאַפּט זיך אויף פון דרעמל, דערשראָקן

ניט בייזער זיך. די לעצטע נאַכט
מיר שלאָפן דאָ גאָר איבער.

### מהר״ל

קיין איינציק רגע, זאָג איך דיר,
קיין איינציק רגע מער.

### אַלטער בעטלער

דער וועג איז לאַנג און פינסטער.



### מהר״ל

דערצייל מיר ניט פון פינסטערניש
און וועק ניט קיין רחמנות אין מיין האַרץ;
ביי וועמען בעטסטו רחמים און פאַר וועמען?
פאַר אים? באַנוגן זיך, וואָס איך
דערשטיק אין זיך מיין אייגענעם געוויין,
און שטאַרק זיך ניט צו אונטערברעכן מיינע קני,
און פאַל ניט צו צו אים און בעט ניט: האָב רחמנות...
אַז ווי וואָלט זיין צו מיר און אים,
ווען איך פאַרטרייב פון זיך מיין האַרטקייט
און עפן אויף מיין האַרץ פאַר רחמים...
דערצייל מיר ניט פון פינסטערניש... צו וואָס האָסטו
געדאַרפט נאָך אים אַהערצו ברענגען,
צום אנגעזיכט פון טויט און פון סכנה?
וואָס קאָן ער טאָן פאַר אונז? וואָס זאָל ער טאָן?
צי האָט די וועלט שוין אויסגעלאָזט אויף אונז
איר גאַנצע רשעות, אַלע שטראָפן?
צי איז שוין י ע ד ע ר ע ר פון אונז פון לאַנד ביז לאַנד
געלעגן מיטן האַלז אַנטקעגן חלף?
צי האָט ער שוין דערהערט דעם ל ע צ ט ן שאַרף,
דערזען דעם ל ע צ ט ן הויב פון שווערד?
פון וואַנען האָט ער עס געקאָנט דערזען, דערהערן, —
אַז אָט איז דאָך מיין האַלז נאָך ניט דערקוילעט
אַז אָט איז דאָך מיין גוף נאָך ניט פאַרברענט!

### אַלטער בעטלער

אָ, לוי, לוי.

### מהר״ל

נעם אים צו, אַנטלויף.
מיט אונזער פּחד סם אים ניט דאָס האַרץ.
פון וואַנען זאָלן מיר אַרויסגיין אים אַנטקעגן,

אַז אַלע וועגן זיינען פול מיט הרוגים. . .
און אַלע טרעטן אויפן שאַרף פון שפּיזן ?
און ווער זאָל זינגען אים אַ לויב —
דעם קרבנס ניט דערשחטן האַלז ?
און ווער זאָל עפענען פאַר אים די טירן ? —
די בלוט פאַרשמירטע הענט פונם רוצח ?
און ווער זאָל לויכטן איבער אים און שיינען ? —
דער פייער פלאַם פון אָנגעצונדענע פאַרמעגנס ? . .
ער מוז אַוועק. ער טאָר זיך ניט געפינען
אין אונזער גבול. — צי קאָן ער זיינע פינגער
צונויפקלאַמערן אין פויסטן אייזערנע,
און שלאָגן מיט רציחה איבער קעפּ ?
צי קאָן ער גאָר דעם גרוך פון בלוט פאַרליידן,
און אויך פאַרגיסן ? אויפצומאָנען צאָן פאַר צאָן
און אויג פאַר אויג, און קאָפּ פאַר קאָפּ ? . .
צי קאָנען זיינע הענט די אויסגעצערטלטע
זיך לאָזן גראַבלען אינם שמוץ פון גריבער
און זוכן אברים, אַש פון ביינער ?
ער קאָן ניט ; אויב ער וויל עס קאָנען —
וויל א י ך ניט ; ער דאַרף זיין ד ע ר ל ע צ ט ע ר. . .
און ווי וועט זיין צו אים, אויב ער וויל קומען
זיך איינשטעלן פאַר אונז מיט גוואַלט.

## אַלטער בעטלער

מיר זיינען דאָך אַ קוק טאָן נאָר געקומען,
זיין האַרץ האָט זיך פאַרבענקט נאָך אייך.

## מהר״ל

דערשטיקן זאָל ער טיף זיין בענקעניש. . .
איך האָב אַ צווייטן אונטער מיין רשות,
דער איינציקער, וואָס מעג זיין פינסטער,
וואָס מעג פאַרגיסן בלוט פאַר בלוט. . .



קיין אַנדערן באַשטראָפער איז ניט ווערט די וועלט,
און מיר דערווייל — קיין אַנדערן באַשיצער. . .

## אַלטער בעטלער

*וועקט דעם יונגן*

שטיי אויף, מיר מוזן גיין.

## יונגער בעטלער

*שטעלט זיך אויף*

ביסט ווידער אונז געקומען טרייבן ?

## מהר״ל

*שווייגט*

## יונגער בעטלער

פאַרוואָס פאַרפאָלגסטו אונז ?

## מהר״ל

איך מוז.

## יונגער בעטלער

וואָס לאָזסטו מיר די נאַכט ניט איבערשלאָפן ?

## מהר״ל

אַ בלוט-נאַכט איז די נאַכט.

## יונגער בעטלער

די אויגן מיינע גאַרן זען די רויטע נאַכט.

## מהר״ל

זיי זאָלן בעסער בלינד ווערן.

## יונגער בעטלער

מיין אויער בענקט נאָך הילפלאָזע יללות.

### מהר"ל

זאָל בעסער טויב ווערן דיין אויער.

### יונגער בעטלער

די ליפּן מיינע בענקען נאָכצוזאָגן
דעם וידוי מיטן שטאַרבנדיקן.

### מהר"ל

זיי זאָלן בעסער שטום ווערן.

### יונגער בעטלער

קיין וואַרעמערע ווערטער האָסטו נישט פאַר מיר ?

### מהר"ל

שווייגט

### יונגער בעטלער

דו רעדסט צו מיר מיט האַרטער שטרענגקייט,
איך נעם עס אָן פאַר ליב. איך בין געקומען
אַליין, נישט וואַרטנדיק אויף קיינעמס רוף ;
מיר האָט זיך דורכגיין דורך דער וועלט געוואָלט,
אַליין פון מיינע טריט דעם אָפּקלאַנג הערן ;
און אפשר, אפשר — האָט זיך מיר געהאָפט, —
דעם אָפּקלאַנג וועט אַ יעדערער דערהערן ;
איך האָב זיך אין אַזוי פיל אויגן איינגעקוקט,
אַזוי פיל טריט געזען אויף אַלע וועגן,
נאָר אַלע אויגן האָבן ערגעץ אַנדערש־ווו בעקוקט ;
געבליבן זיינען מיינע בליקן הענגען אין דער לופט,
און אויך די טריט פון מיינע פיס. . .
און איצטער וויל איך נישט קיין זאַך, — נאָר רוען,
אַוועקנעמען די אויגן מיינע פון דער וועלט,
באַהאַלטן זיי צוריק אין זיך, ווי אַלע מאָל,



און וויגן זיך אויף מיין פאַרוויגטער אומרו. . .
ווער ווייס, כ'האָב אפשר איין מינוט פאַרשפּעטיקט,
און אפשר גאָר אויף איין מינוט זיך צוגעיילט. . .
ווער ווייס ? — אַז איך בין גאָר אַליין געקומען,
אַזוי זיך דורכגיין דורך דער וועלט געוואָלט. . .
צי קאָן די וועלט דערפאַר זיין שולדיק ?
איז זי דערפאר מחויב אָפּצושטעלן
די מאָרדן אַלע, אַלע פיינטשאַפטן,
און אויפהערן דעם פעלקער־און דעם ברודער־קריג ? —
אַז איך בין גאָר אַליין געקומען,
אַזוי זיך דורכגיין דורך דער וועלט געוואָלט. . .
איך גיי אַוועק, שוין אָפּשלאָפן וועל איך אין מדבר
פאַר אַלע נישט דערשלאָפענע געיאָגטע נעכט,
און — פריד צו דיר און יעדערן פון אייך. . .

אַ צוזאַמען מיטן אלטן

### מהר"ל

גיט זיך אַ ריס מיט אויסגעשטרעקטע הענט צו די אַוועקגייענדיקע.
בלייבט שטיין אָראָפּגעבויגן איבער זיין שטעקן

ניט מיט כבוד,
ווי אים פּאַסט,
אויפגענומען
אונזער גאַסט.

מיט קיין דאַך אים
ניט דערפרייט,
ניט מיט וואַסער,
ניט מיט ברויט.

ניט פאַרוויקלט
אים זיין וווּנד ;
ניט געבענטשט אים :
גיי געזונט.

יאָגט ער ווייסער,
זיינע טריט
אומצוקערן
סאָר איך ניט...

ווייס און ווייטער,
שפּאַן נאָך שפּאַן —
אַ פאַרשטעלטער
אָרעמאַן.

זיינע ליפּן —
צוגעמאַכט;
איינע — טרויערט;
איינע — לאַכט.

זיינע אויגן —
אויפגעברעמט;
איינע — גליווערט,
איינע — קלעמט.

און זיין אויער —
קלאַנג נאָך קלאַנג;
אַ געיאָמער,
אַ געזאַנג.

ניט צו זען מער
זיין געשטאַלט,
ניט פאַר יונג
און ניט פאַר אַלט...

שטייט אָנגעשפּאַרט איבערן שטעקן אין טיפן טרויער. דער הימל האָט זיך איינגעגנצן בעדעקט מיט געדיכטע וואָלקנס. אַ שטאַרקער ווינט הייבט אָן בלאָזן. סאַר אַ שטורם-אויסברוך



# מהר״ל

צוזאַמענגעבראָכן

אָ, אָ,
זיי זיינען שוין נישטאָ...

ער לאָזט זיך גיין צום שטאָט-צו מיט אַן אָראָפּגעזונקענעם קאָפּ. דער ווינט רייסט זיינע קליידער

# מהר״ל

נישטאָ, נישטאָ, נישטאָ...

ווערט פאַרלאָרן אין דער פינסטערניש, עס ברעכט אויס אַ שטורם.

---

אין פינפּער טורעם. דער גולם ליגט מיטן פּנים אַרונטער און שלאָפט. דער רעגן שמייסט אַריין דורך די פענסטער. עס דער־הערט זיך אַן עכאָ פון אַ ווייטן ציטעריקן קול: „נישטאָ, נישטאָ, נישטאָ"... דער גולם, ווי דער קול וואָלט אים פון שלאָף גערופן, הויבט זיך אָן וואַרפן אין אַלע זייטן, מורמלענדיק עפּעס פאַרשטיקט אין זיך, בלייבט ווידער ליגן אומבאַוועגלעך. ת נ ח ו ם, אַ דורכגעווייקטער פון רעגן, באַווייזט זיך אין טיר, שטעקט אַריין דעם קאָפּ, קומט אַריין אויף די שפּיץ פינגער, טרייסלענדיק פון זיך דעם רעגן. ער באַמערקט נישט דעם גולם

## תנחום

פּחדנים!
ווילן מיך אין ערגעץ ניט אַריינלאָזן.
אַ שוועל איבערטרעטן;
פאַרמאַכטע טירן, פענסטער,
פאַרהאַקטע לאָדן; —
תנחום קלאַפּט און קיינער ענטפערט נישט;
פּחדנים, —
זיי מיינען, אַז איך זוך אַ נאַכטלעגער.

לאַכט, צושטעלנדיק די הענט צום מויל

אויסגעשטאָרבן אַלע.
זיי מיינען, אַז איך ווייס ניט.
צי האָב איך ניט געקלאַפּט אין יעדן הויז,
ניט אויסגעשפּרייזט די גאַסן ביז דער לעצטער,
געקלאַפּט אין אַלע לאָדן און גערופן:
— קומט מקבל פּנים זיין!..
אויסגעשטאָרבן פּראָג,

מיר ניט, דיר ניט, פּלוצלינג,
אויסגעשטאָרבן פּראָג...

א דונער

זאָל איך גיין שוין איבערטאָן זיך יום=טובדיק,
און וואַרטן ?
יאָ, איך מעג זיך זעצן אָפּרוען, —
דערווײַלע ווערן צוגעקליבן אַלע חורבות,
אויפגעראַמט און אויסגעפּוצט ;
אַזוי האָב איך באַפעלן :
פון אונטער די פאַרבאָרגענע באַהעלטענישן
דעקט אויף די צוגעדעקטע טישן, שטולן,
שליסט אויף די שראַנקען די געשניצטע,
און נעמט אַרויס די זילבערוואַרג און גאָלדוואַרג,
די כוסות די געשליפענע,
די לייכטער זיבנרעריקע,
די טאַצן די געמאָלענע :
מאַכט אויף די קופערטן,
נעמט אַרויס די קישנס
און די קיטלען,
די אויסגענייטע מענטלעך,
און טראָגט עס אַלץ אַרויף צו מיר...
פאַרשפּרייט די טישן מיט די טישטוכער,
שטעלט אויס די כוסות און די לייכטער,
שפּרייט אויס די היסב=בעט
אין גאָלע ווייסן...
די ליכט האָב איך געבראַכט מיט זיך, —
אָט זײַנען זיי...
און ווײַן וועט ער אַליין שוין ברענגען,
ער — מײַן לעצטער יורש ;
דעם רויטסטן און דעם שטראַלנדיקסטן,
דעם שפּיגלדיקסטן — שפּיגלדיקער נאָך פון בלוט ;



און ליכט האָב איך געבראַכט מיט זיך, —
אָט זײַנען זיי...

שלעפּט אַרויס פון בוזעם ליכט

צי האָב איך ניט פאַרגעסן צו באַפעלן עפּעס ?
דאַכט זיך — אַלץ.
ביי אַלע טירן שטייען שוין באַגלייטער,
אין שטורם און אינפינסטערניש,
שטייען זיי געטריי,
געדולדיקע און וואַכזאַמע,
זיי וועלן ניט פאַרהיטן די מינוט...
צי דאַרף איך קיין זאַך מער ניט איבערחזרן ?
באַדינער מײַנע, האָרכט, איך זאָג אײַך נאָכאַמאָל :
שפּרייט אויס די היסב=בעט אין גאָלע ווייסן,
אין גאָלע ווייסן...

צינדט אָן אַ ליכט, דערזעט דעם גולם, רוקט זיך צום טיר

דער זעלביקער,
דער איינאונאײנציקער,
דער איבערגעבליבענער...
אַז אַלע יידן זײַנען אויסגעשטאָרבן,
אַז קיינער קומט ניט משמח זײַן זיך, —
איז ער געקומען...
אַ שלאָפנדיקער — וועט ער אויפשטיין באַלד
און זײַן אַן עדות,
אַן איינאונאײנציקער...
ווײַל פּראָג איז אויסגעשטאָרבן
און אים אַליין געלאָזט דאָ שלאָפן,
אַן איבערגעבליבענעם,
אַן אייביקן,
אַן איינאונאײנציקן...

היל נעמען אַרויסגיין צו די אַנדערע חדרים, ערשט דער גולם, ווי ער איז געלעגן, נעמט ווידער זיך באַוועגן, אַרויסלאָזנדיק אַ משונהדיקן יאָמער דורכן שלאָף, וואַרפט זיך אין אַנגסטן און מורמלט: „נישטאָ, נישטאָ, נישטאָ“...

תנחום

וואָס נישטאָ ? ווער נישטאָ ?

גולם

*הויבט זיך אויף. זעצט זיך*

נישטאָ, נישטאָ, נישטאָ.
אַוועקגעטריבן האָט ער זיי,
און — שטייט אַליין און טרויערט :
נישטאָ, נישטאָ, נישטאָ...

תנחום

*הייל ארויסלויפן. גולם שפרינגט אויף און פאַרצאַמט אים דעם וועג*

גולם

אַנטלויף נישט. בלייב, מיר ווילט זיך רעדן.
אָט שטיי איך אויף, דו זעסט, אָט וואַקס איך אויס,
אָט נעמען זיך פאַנאַנדער מיינע פליגלען ;
אָט שטעל איך זיך אַוועק אַנטקעגן דיר
און טייל זיך פון מיין פינסטערניש אַרויס...
אָט שטרעק איך אויס די הענט צו דיר,
אָט צי איך זיי צוריק...
אָט פלעכטן זיך די פינגער מיינע אויף...
איך טאָר נישט רעדן, נאָר איך רעד...

תנחום

ווער ביסטו ?

גולם

דו ווייסט ניט ? דער פאַרזונקענער אין שלאָף,
דער פאַרזונקענער, וואָס האָט דערהערט דעם אויסגעשריי :
נישטאָ, נישטאָ, נישטאָ...
דו ווילסט, וועל איך אַ וואָרף טאָן זיך צוריק,



נאָך טיפער אין שלאָף,
נאָך טיפער...

תנחום

זיי וואַכעדיק. איך וויל. איך האָב קיין מורא ניט.
און ווער דו ביסט — איך ווייס ניט.
אַז אַלע זיינען אויסגעשטאָרבן,
דאַרף איינער דאָך פאַרבלייבן...
זיי דו דער איינער.

גולם

איך בין, איך בין.

תנחום

און ווען דו וועסט אַן עדות דאַרפן זיין,
און — איינער אויף מיין שמחה, —
צי ווייסטו פון מיין קומענדיקער שמחה ?
און אויב דו ווייסט ניט, וועסטו וויסן.
איך וועל מיט גוואַלט דיך ברענגען אויף מיין שמחה :
קיין קלעזמער וועלן דאָרט ניט זיין,
וועסטו דער קלעזמער זיין ;
קיין טענצער האָב איך ניט פאַררופן,
וועסטו דער טענצער זיין ;
צי קענסטו טאַנצן אויף אַ שמחה,
צי האָסטו ווען געקלאַפּט אין טאַצן,
געדרייט זיך אין אַ קאַרעהאָד ?
צי ווייסטו ווי מען נעמט אַ חתן אויף,
און ווי מען רינגלט אים אַרום מיט ליכט,
צוקאָפּן און צופוסן — ליכט ?...

*טאַנצט אַ דריידל*

איצט זעסטו, ווי מען טאַנצט ?

*פאַלט אַנידער אַ פאַרשווינדלטער*

גולם

דו זעסט ניט ווער איך בין? איך ווער אַן אַנדערער.
און — היט זיך, קוק ניט אויף מיין פּנים.
איך בין פאַרמשפּט דאָ צו ליגן —
איך וויל ניט מער.
מיך עקלט פון מיין לייב,
פון מיינע אויגן די פאַרגלעזוערטע,
און פון מיין שטום=לשון דעם פינסטערן...
דורך טעג און נעכט איך וואַלגער מיך אַרום,
איז רייס איך מיך פון זיך אליין
אַהין — אין דער ווייטקייט אַריין...
די רגע איז געקומען, זע,
איך שטויס מיך אָפּ פון זיך אַליין
אַזוי ווי פון אַ וואָרים...

תנחום

*ליגנדיק אויף דער ערד, האָט מורא אויפהייבן דעם קאָפּ*

ווער ביסטו, זאָג, ווער ביסטו?
דורך אַלע נעכט, אין טורעם דאָ פאַרבראַכטע,
האָט מיר די פינסטערניש אַנטפּלעקט
די טיפסטע סודות אירע —
ביסטו אויך איינער פון די סודות?

גולם

איך בין דער סוד פון ליכטיקייט און ניט פון פינסטערניש,
ניט אַלע מאָל — נאָר איצט.
ניט קוק אויף מיר: וועסט גאָרנישט זען,
אַפילו זאָלסט פאַנאַנדעררייסן ביידע אויגן,
ווייל אַלע פינסטערנישן זיינען פאַר מיר אָפן,
און פאַר דיר — פאַרשלאָסן;
און שטימען הער איך פון דער ווייטקייט,
און געזאַנגען,



און ציטעריקן אָטעם,
און פליגלדיקע טריט...
איך גיי אַוועק. — וווהין?
שפּרייזן אויף דער אויבערפלאַך פון טייכן.
רוען אויף דער עפענונג פון אָפּגרונטן,
נאָכגיין נאָך די טריט פון די פאַריאָגטע בעטלער...

תנחום

*הייבט זיך אויף און וויל אַ קוק טאָן אויפן גולם און פאַלט צוריק אין טויט-שרעק*

אַן אַנדערער, אַן אַנדערער און ניט דער זעלביקער.
אַ באַלויכטענער, אַ שטראַלנדיקער,
אַ ברענענדיקער פּנים.

גולם

*אַרום אים צעשטראַלט זיך אַ ליכטיקייט, די ליכטיקייט פונם אינוי-נראו*

איך זאָג דאָך דיר — ניט קוק.
אַ צווייטן מאָל — דו הויבסט אויף דיינע אויגן
ביסטו טויט...
דיך שלאָגן אַנגסטן. זאָג איך דיר אַ צווייטן מאָל,
ס'איז ניט קיין חלום...
צי ווייסטו ניט, אַז איך בין אייביק
און ניט פון דאַנען...
און ניט דער קלעזמער אויף דיין שמחה,
און ניט דער טענצער,
און ניט דער עדות...
אָט קער איך זיך אַוועק פון דיר,
ווייל איך בין אייביק...

תנחום

געווען אַן איינאונאיינציקער,
אַן איבערגעבליבענער —
איז גייט ער אויך אַוועק.

ראַרף איך אַליין דער איינער זיין,
איך אַליין...
אליין — דער פּאָטער,
אַליין — דער קלעזמער,
אליין — דער טענצער,
אַליין — דער עדות,
אַליין — דער אבל...

### גולם

איך גיי אַהין, ווו פעלדער שפּרייטן זיך,
וווּהין עס איז נאָך ניט דערגאַנגען
דער טרויער=אויסגעשריי: „נישטאָ, נישטאָ, נישטאָ"...
איך גיי צו מזרח=זייט,
און הער אַ קול פון מערב=זייט,
פון צפון און פון דרום...
איך גיי צו אַלע עקן פון דער וועלט,
ווייל אַלע רופן אין איין צייט,
און אַלע לויפן נאָך די טריט פון ביידע בעטלער
און רופן: קומט צוריק, צוריק, צוריק...

סוט אַ פלי דורך אַ טיר און פאַרשווינדט. תּנחום שטייט מיט דער ליכט אין האַנט דורך די שויבן שמייסט דער רעגן. דער ווינט בלאָזט דעם פלאַם פון ליכט, תּנחום טוליעט זיך צו אַ וואַנט, שיסט אַרויס אַ וואַנזיניקן געלעכטער

### תּנחום

אָפּגענאַרט תּנחומען, אָפּגענאַרט תּנחומען,
און תּנחום האָט זיך נאַרן געלאָזט,
און ווער איז דער אָפּנאַרער ? ווער ?
אַ גולם האָט אָפּגענאַרט תּנחומען...

פון זייטע חדרים פון טורעם דערהערט זיך אַ פּרויען-געוויין, און אַ רוף נאָך הילף: ראַטעוועט! ראַטעוועט! הילכט אָפּ איבער אַלע חורבות און ווערט איבערגעריסן

### תּנחום

ראַטעוועט. — ווער זאָל ראַטעווען ?



## דער רוף

אַ צווייטן מאָל

ראַטעוועט !

### תּנחום

ווער קאָן ראַטעווען ? ווער ?
ווער וויל ראַטעווען ? האַ ?
ווער דאַרף ראַטעווען ? ווער ?

לויפט אַרויס האַסטיק און פאַרשווינדט, פון די ווייטע חדרים לויפן אַריין די רביצין און דבורהל. קוים זיי אָטעמען, האַלטן איינע די אַנדערע זיי זאָלן ניט פאַלן פון שרעק

### רביצין

ניט=גוטע האָבן אונז אַהער געטראָגן. ניט=גוטע.
איצט ווייסן מיר ניט ווי אַרויסצוגיין.
מיר זיינען פאַרפאַלן, טאָכטער מיינע, טאָכטער מיינע.

### דבורהל

צוזוי פיל טירן, היילן, ווער זאָל וויסן ?

### רביצין

איך פיל שוין ניט מיין קאָפּ אויף זיך,
אַזוי פיל מאָל אין וואַנט זיך אָפּגעשלאָגן...
און ווער איז שולדיק ? דו. אַזאַ שגעון.
אין מיטן נאַכט זיך לאָזן גיין אַהער...

### דבורהל

אַז ווער זאָל וויסן.

### רביצין

אַן איינפאַל פון אַ מענטשן, האָסט געהערט ?
אַהערצו גיין דעם זיידן זוכן.
וואָס קאָן דאָ אין די חורבות טאָן דער זיידע ?

דבורהל

אַז ווער זאָל וויסן ? איצטער שרייסטו —
און דו האָסט דאָך אַליין געזאָגט, מען דאַרף אַ גיי טאָן.

רביצין

אַליין ? אודאי האָב איך דאָס געזאָגט. אַז אַלע
פאַרהאַקט אַהינטער טיר און טויער זיצן.
שוין צוועלף דער זייגער און דער זיידע
איז נאָך נישטאָ פון מעריב אָן.

דבורהל

דאָס גאַנצע קלייד צעריסן אין דער פינסטער...

רביצין

און איך האָב בײדע הענט צעשטאָכן.
אַזױנע נעגל פול און פיל. עס דונערט ווידער.

דבורהל

וואָלט ער זיך אָפּגערופן כאָטש, ער שלאָפט דאָך דאָ.

רביצין

זיי שטיל. ניט רעד. מער פעלט אונז נישט...
אָ, גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב,
דערבאַרעם זיך אויף אונז, דערבאַרעם זיך.

דבורהל

קום זוכן נאָכאַמאָל. עס מוז דאָך זיין
דאָ ערגעץ ווו אַ טיר אַרויסצוגיין.

רביצין

ווי האָבן מיר געקאָנט אַזוי פאַרבלאָנדזשען.
מיר זיינען נאָר וואָס דאָך אַריינגעגאַנגען...
גייען צו די פאַרשיידענע טירן, טאַפּן אין דער פינסטער, זוכן און קערן זיך אום צוריק



רביצין

אָ, וואָס זאָלן מיר טאָן, טאָכטער מיינע ?
אַזאַ אומגליק.

דבורהל

באָבע, חיין ניט, וויין ניט.

חיינט אַליין

רביצין

וואָס שטייען מיר ? פּרווו נאָכאַמאָל אַ רוף טאָן.

דבורהל

שרייט מיט וויינענדיקן קול

ראַטעוועט !

רביצין

אריה לוי ! אריה לוי !

דבורהל

נישט שריי, נישט שריי.

רביצין

שאַ, מען ענטפערט, דאַכט זיך.

אַ ווייטער קול פון תנחום

ווער זאָל ראַטעווען ?
ווער קאָן ראַטעווען ?
ווער דאַרף ראַטעווען ?
ווער ? כאַ־כאַ־כאַ...

בײדע פרויען פאַלן צו איינע צו די אַנדערע, טוליען זיך אין אַ ווינקל מיט אָפּגעפאַלענעם אָטעם

רביצין

לאָמיר שטיל זיין. לאָמיר בעטן גאָט.

**ד ב ו ר ה ל**

עס דרייט זיך מיר דער קאָפּ. איך פֿאַל באַלד.

**ר ב י צ י ן**

האַלט זיך אָן אָן מיר, טאָכטער מיינע, קינד מיינס...

*עס איילט אַריין דער גולם מיט דעם אינו-נראה-שיין איבער אים, ביידע פרויען פֿאַרדעקן די געזיכטער מיט די הענט און טוען אַ געשריי פֿון שרעק*

**ג ו ל ם**

צו וואָס האָט איר אַזאַ געשריי געגעבן, אַז איך קום
אייך אויסלייזן, אייך ראַטעווען, אַרויספֿירן?
דער ווינט האָט מיר דערטראָגן אייער רוף נאָך הילף,
און פֿון דער ווייטער ווייט האָב איך דערזען אייך דאָ...
איין שפּאַן — און אַלע וועגן שפּרינגען מיר אַנטקעגן.
די פֿינסטערניש צעשפּרייט זיך אין אַ ליכטיקייט פֿאַר מיר,
און אַלץ צו וואָס איך ריר זיך צו ווערט דורכזיכטיק,
ווערט לויטער; מיינע הענט, ווען אויסגעשטרעקט, דערגרייכן
פֿון איין עק וועלט צום צווייטן...

**ביידע פרויען**

אָ, גיי אַוועק פֿון אונז.

**ג ו ל ם**

אַוועקגיין? איך בין אייך געקומען אויסלייזן,
און איר האָט מורא גאָר פֿאַר מיר. וווהין זאָל איך אַוועקגיין?
און ווער וועט זיין דער אַנדערער, וואָס וועט אייך ראַטעווען?
איר מיינט, אודאי, ער, דער בעטלער, וועט נאָך קומען?..
איר האָפֿט אומזיסט, איך זאָג אייך. איך אַליין
בין אויפֿגעשפּרונגען פֿון מיין שלאָף, דערהערנדיק
דעם טרויעריקן אויסגעשריי: נישטאָ, נישטאָ, נישטאָ,
און זיך געלאָזט אים אַנטקעגן, צוריקקערן...
אומזיסט געוועזן מיין אויפֿשפּרינגען, מיין איילעניש,



אומזיסט מיין לאַנגן טורעם-שלאָף צעשטערט.
אַז איך מיט גאָרנישט קער זיך אום צוריק אַהער,
היינט ווי קאָנט איר נאָך האָפֿן, ער זאָל קומען?...
דער איינציקער, וואָס קאָן אייך ראַטעווען, בין איך —
בין איך...

**ביידע פרויען**

גיי אַוועק! צי ביסטו דער, וואָס רופֿט זיך יאָסל? זאָג.

**ג ו ל ם**

מען רופֿט מיך אַנדערש איצט, ווייל יאָסל איז
אַ צווייטער היינט, אַן אַנדערער; ער ליגט נישט מער
אַן אויסגעצויגענער צעשליידערט אויפֿן דיל
און שלאָפֿט נישט מער זיין אומגעוויינלעך פֿינסטער-שלאָף.
איך האָב זיך אויפֿגעהויבן שטילערהייט און בין אַוועק.
איך ווייס דער רבי וואָלט מיך נישט געלאָזט,
האָב איך אַליין, נישט פֿרעגנדיק זיך, דאָס געטאָן.
איך האָב שוין לאַנג געחלומט וועגן זיך אַליין...
וואָס קוקט איר ביידע אַזוי טויט דערשראָקן?
איר האָט מיך נישט ערוואַרט צו זען? ס'איז אמת, יאָ,
אַז מיך טאָר קיינער זען און הערן,
און איך אַליין טאָר קיינמאָל נישט אַנטפּלעקן זיך, —
כ'מוז אייביק זיין דער נישט געזעענער, פֿאַרנעפּלטער,
ביז דער, וואָס האַלט דאָס שנירל פֿון מיין מזל,
זאָל זאָגן: גיי, פֿאַרנעם, דערהער און זע...
צי ווייסט איר, ווער עס האַלט דאָס שנירל פֿון מיין מזל?..

**ביידע פרויען**

אָ, גיי אַוועק. דו שרעקסט אונז. גיי אַוועק.

**ג ו ל ם**

איר ווייסט נישט, ווער עס האַלט דאָס שנירל פֿון מיין מזל?
איך וועל אייך זאָגן, אויב איר ווילט... נישט שרעקט זיך, —

ראָס איז דאָס ערשטע און דאָס לעצטע מאָל,
אז איך דעק אויף מיין אויסזען, רעד צו מענטשן
און קוק זיי אין די אויגן גלייך אַריין;
אַז איך אַליין טרעט איבער אויפן שוועל
און קום אַ נישט דערוואַרטעטער, אַ מיטנאַכטיקער,
און רעד אַזוינע רייד און הער אַזאַ אָ שטילקייט. —
דאָס איז דאָס ערשטע און דאָס לעצטע מאָל...
צי ווייסט איר, ווער עס גייט מיר נאָך און רופט,
און צווינגט מיך גיין אַהער צוריק? און ווייסט איר, וואָס ער מיינט

ראָס ערשטע און דאָס לעצטע מאָל?.. איר ווייסט נישט.
איר ווילט, וועל איך אייך אויסזאָגן. — — איך ליג און שלאָף.
עס דאַכט זיך אויס, איך זע אפילו נישט דעם שיין פון חלום,
און עפן איך די אויגן ווען — דערזע איך נישט
מיין אייגענעם געשטאַלט, און שריי איך עפּעס אויס —
דערהער איך נישט מיין אייגענעם געשריי;
נאָר אָט דערהער איך און דערזע פאַר טויזנט מייל,
דערזע מיט צוגעמאַכטע אויגן, און דערהער
מיט טויבע אויערן, און שריי און רוף
מיט אַ פאַרשטומטן צונג. צי הערט איר נישט,
אַזוי ווי איך, אַ יאָמער דורך די חורבות?
דאָס רופט מען מיך... איך האָב געמיינט, מיך וועט נישט אַרן,
איך וועל די חורבות איבערלאָזן זיין אַליין,
און זאָל דער יאָמער אויסגיין אין דער ליידיקייט פון טורעם!..
אַזוי האָב איך געמיינט. נאָר זעט איר, אין מיין האַרץ
האָט זיך אַ בענקשאַפט אויפגעוועקט נאָך אים,
אַ ליבשאַפט. דורך מיין גאַנצן לייב לויפט דורך אַ ציטער.
איך וואַרט שוין די מינוט, ווען איך וועל ווידער
אַ וואָרף טאָן זיך, זיך אויסציען און בלייבן ליגן
אַרומגעהאַלזט, אַ צוגעדריקטער צו די דילן,
און ליגן אין דער פינסטערניש און ליידיקייט...
איך האָב אים ליב, דעם פינפער־שלאָס, איר ווייסט?..





כ׳וועל זיצן נאָר אַ ווײַלע, נאָר איין ווײַלע. איך בין מיד,
וועל אָפּרוען. די פינסטערניש און ליידיקייט
זיי וועלן וואַרטן דאָך... — איך מעג זיך זעצן?

דבורהל

וואָס פרעגט ער, האַ? וואָס פרעגט ער?

גולם

האָט נישט מורא.
איך וועל אייך גאָרנישט טאָן, און — קוקט אויף מיר.
וואָס טרייסלען זיך די הענט אַזוי בײַ אייך, די ליפּן?
איר וועט דאָך קיינמאָל מיך נישט זען מער, קיינמאָל...
איך בין דאָך אַזאַ ליכטיקער אַצינד, דער ליכטיקסטער,
נאָך ליכטיקער פון אים, פונם יונגן וואַנדערער,
און ליכטיקער פונם רבי... איר ווילט, וועל איך אייך זאָגן,
ווו טרעטן איצט די פיס פונם יונגן וואַנדערער,
און ווו — דעם רבינס. —

רביצין

האָסט געזען דעם רבין?

גולם

צי איך האָב אים געזען? איך זע אים אייביק,
די טריט פונם וואַנדערער פאַרשווינדן, און דער דונער,
וואָס קייקלט זיך אַראָפּ פון הימל, שלינגט זיי איין;
איר מיינט, אומזיסט געקומען איז דער דונער איצט?
דער רבי גייט צוריק. ער גייט אַהיים, ער קומט באַלד...

רביצין

פון וואַנען גייט דער רבי?

### ג ו ל ם

פֿונם פֿעלד, פֿון הינטער שטאָט.
איך קום דאָך אויך פֿון דאָרט, ווו אַלע וועגן
פֿאַרשלאָסן האָבן זיך פֿאַר ביידע וואַנדערער; —,
איך האָב געזען דעם רבין, שטייענדיק אין טרויער,
דער קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, און ער, דער וואַנדערער,
איז זיך געגאַנגען טראָט ביי טראָט מיט זיינע וווּנדן־פֿיס
אַהין, ווו אַלע וועגן האָבן אים פֿאַרטריבן...
און, אַך, ווי שטאַרק איך האָב געוואָלט אים נאָכלויפֿן,
פֿאַרלויפֿן אים דעם וועג און דרייען זיך,
און לייגן זיך צו זיינע פֿיס און זיין זיין שאָטן —
נאָר ווי האָב איך געקאָנט, אַז אין מיין האַרץ האָט זיך
צעברענט די בענקשאַפֿט... יאָ, דער רבי גייט אַהיים;
אַז איך מוז גיין צוריק — מוז ער געוויס;
דער רבי זאַמט זיך, ווייל ער גייט מיט שווערע טריט,
מיט טרויעריקן זינקענדיקן קאָפּ, און איך —
דער גאַנצער וועג פֿאַר מיר איז נאָר איין שפּאַן,
די גאַנצע פֿינסטערניש — איין אויגנבליק;
דער רבי גייט אין דונערן און בליצן איינגעהילט,
דער שטורעם־ווינט, וואָס קומט, האָט אים פֿאַרכאַפּט דעם
ערשטן,
ער שליידערט אים אין אַלע זייטן, פֿליקט די קליידער זיינע, —
ציר הערט, דער רעגן שמייסט אַריין דורך אַלע לעכער...

### ר ב י צ י ן

אָ, גאָט, דערבאַרעם זיך, דערבאַרעם זיך.

### ד ב ו ר ה ל

אַנטלויפֿן קום, אַנטלויפֿן.

### ג ו ל ם

בייט נישט, גייט נישט.
עס טאָר מיך קיינער נישט דערזען אין דער מינוט,



און קיינער טאָר נישט הערן מיינע ווערטער אויסער דיר,
פֿאַר וועמען איך האָב אויפֿגעדעקט מיין אויסזען,
און אויפֿגעדעקט מיט ווילן... ווייסט איר, ווער עס זיצט מיט
אייך?
מיין פּנים איז אייך גוט באַקאַנט און אויך מיין נאָמען,
נאָר זען האָט איר מיך קיינמאָל נישט געזען;
און בלינד וואָלט איר געוואָרן אין איין רגע,
ווען איר וואָלט פּלוצלינג אָן מיין ווילן מיך
דערזען...
ווייל טויט און בלענדעניש און פֿייער־שיין,
און אייביקער פֿאַרגיין — דאָס זיינען מיינע אויגן...
איך לעב, און ווייס אַליין נישט וויפֿיל, אויף דער ערד און אונ־
טער איר,
מיט מענטשן און מיט חיות און מיט ווערעם,
אין וואַסער און אין פֿייער און אין שטיינער,
און קיינמאָל זע איך נישט דעם אָנהויב און דעם סוף
פֿון מיר און פֿון מיין אייביקן פֿאַרגיין...
איך בעט זיך: נעם אַראָפּ פֿון מיר דעם גזר פֿון וואַנדער;
נאָר ווער דערהערט דאָ מיין געבעט?.. און איצט, איך פֿלי
אַזוי פֿון פֿעלד אַהער, דערהער איך מיט אַמאָל
אַ מאָדנעם קלאַנג אין מיינע אויערן, און אין די אויגן
אַ ברען האָט מיך געטאָן אַ פֿרעמדער פֿייער...
און אפֿשר, ניין — וואָס רעד איך? — כ׳וואָלט אַריין
אין יעדן הויז, מיך אַרט נישט וועמענס;
ווייל יעדע הויז וואָלט מיך מיט שרעק באַגעגנט
און יעדע הויז וואָלט מיך מיט שרעק פֿאַריאָגט...
לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ און זיצט. דונערן און בליצן

### ד ב ו ר ה ל

דערבאַרעם זיך אויף אונז, דערבאַרעם זיך.

### ג ו ל ם

דו האָסט נאָך מורא אַלץ? דער רבי וועט באַלד קומען.

איך זע: ער איז שוין נאָנט. דער רעגן גיסט אויף איב
און האָט אויף אים קיין שליטה נישט, די בליצן
זיי לייכטן אים דעם וועג. ער קומט, ער קומט...
ער טאָר נישט וויסן, וואָס איך האָב געזעדט פֿאַר אייך.
איך זע אויף דיין געזיכט אַ מורא אַ באַזונדערע,
דו קוקסט מיר אין די אויגן גלייך, דערמאָנסט זיך יענע רגע,
ווען איך האָב דיך אַ כאַפּ געטאָן צו זיך און צוגעדריקט..
איך פֿיל נאָך איצט דיין וואַרעמקייט אויף מיינע פֿינגער,
און דאָ ביים ברוסט נאָך הער איך איצט דיין ציטער...
נאָר דאַן בין איך אַנטשטומט געוואָרן, נישט געקאָנט
דעם אָטעם אָפּכאַפּן... און איצט איז אַנדערש,
איך וויל אפֿילו זיך נישט אָנרירן צו דיר. מיר איז גענוג
צו זיצן, ווי איך זיץ אַנטקעגן דיין געזיכט,
און רעדן רייד, וואָס דרייען זיך מיט לייכטקייט,
מיט לייכטקייט און מיט בלענדעניש... ווען איך זאָל וועלן —
דערשראָקן און דערשטוינטע ווי איר ביידע זיצט, —
אַ כאַפּ וואָלט איך דיך געבן און אַ הויב טאָן צו דער הויך,
אַרונטערשליידערן צו מיינע פֿיס און ווידער אויפֿהויבן,
און דרייען דיך אַרום מיין קאָפּ מיט שווינדלענדיקן אימפּעט,
און דרייען אַזוי לאַנג און שנעל, ביז דיינע הענט
אַרומגעקלאַמערט וואָלטן זיך אַרום מיין האַלז, און דיינע ליפּן,
פֿאַרברענטע און צונויפֿגעשלאָסענע פֿון פּיין און ווייטאָק,
אַריינגעזונקען וואָלטן זיך אין מיינע... —

*ביידע פֿרויען אין פֿאַרצווייפֿלונג פֿאַרשטעלן די פּנימער און ברעכן מיט די הענט*

## גולם

און מערער נאָך:
איך וואָלט אַרויפֿגעשליידערט דיך אויף מיינע אַקסלען,
און דורך דער שטורעמדיקער, בליצנדיקער פֿינסטערניש
אַריינגעטראָגן וואָלט איך דיך אין איינעם פֿון די טורעמס,
און ביידע וואָלטן מיר זיך אויפֿגעדרייט אין איינעם,
זיך איינגעדעקט אין איינגעגראָבן אין דער לערקייט..



און אויפֿגעעפֿנט וואָלט איך מיינע אויגן און דערזען:
די ווינקן רייסן און צעפֿליקן דיינע קליידער,
די בליצן דעקן אויף די ווייסקייט פֿון דיין לייב,
און אָנגעטרונקען ווערט די לערקייט מיט דיין וואַרעמקייט... —
אַריינגעביסן וואָלט איך זיך אין דיינע גלידער,
אַריינגעזויגט אין זיך דיין ווייסן לייב... און ווידער שטיל.
דער רעגן שמייסט אַריין דורך אַלע לעכער,
די בליצן פֿלעכטן זיך און פֿלעכטן זיך פֿאַנאַנדער,
און ציגל פֿאַלן איינס נאָך איינס און זינקען...

*שטעלט זיך אויף*

אָט פֿיר איך אייך אַרויס. איך פֿיל, מיך עקלט
פֿון אייער שרעק, און מערער נאָך פֿון מיין אַנטפּלעקן זיך;
איך האָב זיך שוין גענוג דערנידעריקט דערמיט אַליין,
וואָס איך האָב נישט געקאָנט פֿאַרבייגיין דיך אינגאַנצן
און נישט דערמאָנען זיך אָן יענער וואַרעמקייט אויף מיינע פֿינגער;
וואָס איך האָב אויסגעזאָגט אַזוי פֿיל סודות,
פֿאַר אייך דערשראָקענע, פֿאַרבלאָנדזשעטע צוויי ווייבער...

*גייט צום טיר און שטעלט זיך אָפּ*

... ס׳איז שטיל געוואָרן מיט אמאָל דער יאָמער אין די חורבות:
איך האָב געגעבן נאָר איין טראָט, האָט שוין די רו
צעשפּרייט זיך איבער אַלע ווענט און היילן,
ווייל יעדער טראָט פֿון מיינע פֿיס איז פֿרייד,
און יעדער בויג פֿון מיינס אַ האַנט איז רויִקייט..
אָט ציטערט איר — און אייערע געזיכטער זיינען ווייס,
פֿאַרחלומט, איינגעשלאָפֿן... איך אַליין, ווי איר,
פֿאַרגעס אָן אַלע מיינע רייד און פֿיל ווי מיינע ברעמען
פֿאַרמאַכן זיך, פֿאַרמאַכן זיך. איך וואָלט געקאָנט
אַנידערלייגן זיך אָט דאָ און איינשלאָפֿן; איך טו עס נישט:
איך קאָן מיין שלאָף אַריבערטראָגן ערגעץ אַנדערש;
נאָר איר קאָנט ערגעץ נישט אַוועקגיין, ערגעץ נישט...
פֿון אַלע זייטן קומט אויף אייך דאָס לאַנג דערוואַרטעטע
מיט שאַרפֿע העק און צוגעגרייטע פֿייערן;

און אין דעם האַרץ פון נאַכט שוין גיסן זיך אַריין
נאָך וואַרעמע, אָט אָט פון שווערד אַראָפּגערונענע,
די ערשטע רויטע טראָפּן... איינס נאָך איינס... און מיט אַמאָל

די טראָפּן ווערן אויפגעבראָזט אין שטראָמען,
צו יעדער טיר אַ שטראָם... און אָט צו אייער טיר.
אָט טראָגן אייך אַוועק די רויטע שטראָמען ווייט און ווייטער;
עס ברענען הייזער און זיי פאַלן און פאַרלעשן זיך,
און מיט די הייזער — קעפּ פאַרברענטע און דערנאָך דערטרונקענע.

זיי רינגלען אייך אַרום און שווימען מיט די שטראָמען...
עס קלינגען מאָנאַסטירן־גלעקער, צלמים גליען,
און מיילער, רויטער נאָך פון פייער, כאַפּן אויף די גלעקער־קלאַנגען

און שלינגען זיי אַריין אין זיך, און וואַרפן זיי אַרויס צוריק
אין לאַנגע שלענגלדיקע צונגען, דרייען אייך אַרום, דערטרינקען אייך,
און שלעפּן אייך אַרויס צוריק, דערטרינקען ווידער...
און איר — איר זיצט זיך, אָט אַזוי ווי איצט, פאַרחלומט,
און איינגעשלאָפן, איינגעוויגט אין רו — אין מיינער...
איך מעלן זיך נאָר שרעק און טרויער; זאָג איך אייך:
הויבט אויף דעם קאָפּ און זעט, ווי ווייט און הויך
איך שפּרייט פאַנאַנדער מיינע הענט, ווי גרינג איך אָטעם;
אָט גיב איך מיינע פיס אַ הויב און ריר נישט אָן דעם דיל,
ווי פליגלען טראָגן מיך די שפּאַנען מיינע...
וואַכט אויף און גייט. איך פיר אייך.

בײדע פרויען זיינען פאַר דער צייט אַזוי ווי פאַרחלשט געוואָרן פון שרעק, האָבן זיך אַרונטערגעזעצט צו דער ערד אין גרויסן מיט פאַרדעקטע געזיכטן. זיי רירן זיך נישט פון אָרט

**גולם**

וואַכט אויף, איך ווייז אייך אָן דעם וועג אַרויסצוגיין,



פאַרבלאָנדזשעטע, פאַרלאָרענע, איך פיר אייך.

ער נעמט זיי פאַר די הענט און שטעלט זיי אויף

**בײדע פרויען**

זיי געריכט גייען נאָך נאָך אים

**גולם**

נישט האָב קיין מורא, וואָס איך ריר דיך אָן ביים האַנט...
דאָס פיר איך דיך, דאָס ווייז איך אייך דעם וועג...

פירט זיי אַרויס, קערט זיך אין אַ רגע אום צוריק, זעצט זיך אוועק אין אַ ווינקל און וויגט זיך מיט די הענט פאַרלייגט אויפן האַרצן

**גולם**

נישטאָ, נישטאָ, נישטאָ...
וואָס שווייגט איר, ווענט,
מיינע ווענט?..
וואָס שלאָפט איר, היילן,
מיינע היילן?
וואָס פרעגט איר נישט,
פון וואַנען קום איך?..

אויפגעשטאַנען, אויפגעלויכטן,
צעפּגעבינדן אַלע ווערטער,
אויסגערעדט זיי אין דער לערקייט...
איצט — ווי פריער, —
קלאַפּט דער רעגן
אויף די שטיינער פון מיין שלאָס...

האָט מיך עמעץ
דען געהייסן
גיין זיך יאָגן נאָך דעם שאָטן
פון די צוויי? —

קיינער, קיינער, קיינער!.

אַז מען האָט
נאָך הילף גערופֿן, —
האָט מען דען
צו מיר גערופֿן ?
האָט מען דען
אויף מיר געהאָפֿט ?..

וואָס שווייגט איר, ווענט,
מיינע ווענט ?
וואָס שווייגט איר, היילן,
מיינע היילן ?

**תנחום**

שלייכט זיך אַריין

ווער זאָל ראַטעווען ? ווער ?
ווער קאָן ראַטעווען ? ווער ?

**גולם**

איך.

**תנחום**

מיט אַ הילכיקן געלעכטער

כאַ, כאַ, כאַ, ער !
ווער ביסטו ? ווער ?

פֿרשטוינט

ביסט דאָ צוריק ? ווי שנעל.
דער זעלביקער.
געווען נישט לאַנג אַן אַנדערער,
און שוין צוריק דער זעלביקער.

מיט כּעס

אָפּגענאַרט תּנחומען, אָפּגענאַרט תּנחומען.

**גולם**

ציטערט טונקעלער און טונקעלער



**תנחום**

פֿון אַלע עקן פֿון דער וועלט
צוריק געקומען...
כאַ, כאַ, כאַ, —
וואָס טוט זיך עפּעס אויף די עקן פֿון דער וועלט ?

**גולם**

זיי שטיל. דו הערסט ? —

**תנחום**

איך הער, אודאי הער איך.

**גולם**

רוק זיך צו צו מיר. נענטער.

**תנחום**

רוקט זיך צו האַרט צום גולם. זיצן ביידע

**גולם**

אָט בין איך דאָך צוריק געקומען, זעסט.
אַ רגע פֿריער, שפּעטער, — אין אַ נאַכט
פֿון איינע דונערן און שטורעם־רעגן,
פֿון נישט דערגאַנגענע און נישט דערגרייכטע ווייטקייטן —
וואָס מאַכט עס אויס צי פֿריער מיט א רגע אָדער שפּעטער ?

**תנחום**

וואָס מאַכט עס אויס ? אודאי, יאָ...

**גולם**

ווי היימלעך מיר איז דאָ. דיר אויך ?

**תנחום**

אודאי, יאָ.

גולם

איך האָב די היימלעכקייט געפילט נאָך דאָרט,
אין פעלד און וואַלד זיך יאָגנדיק,
אַלץ זעענדיק און הערנדיק.
איך האָב געוווּסט, אַז ערגעץ זיינען דאָ פיר ווענט...
דו ווייסט עס אויך?

תנחום

אודאי ווייס איך. יאָ.

גולם

און וואָס וואָלט זיין, ווען ליכטיק דורכזיכטיק
עס וואָלטן זיין אויך  ד י  פיר ווענט?
וווהין וואָלט איך געקאָנט אַנטלויפן פון דאָס אַלץ געזעענע;
און ווו וואָלט איך גענומען האַרטקייט פאַר מיין לייב,
און קאַלטן ציטער, שטעכעדיקע פינסטערניש,
און אָפגעצאַמטע, אָפגעגרענעצטע פאַרלאָזנקייט?..
איך האָב גערעדט, אַוועקגייענדיק פון דאַנען,
מיט בייזע רייד צו דיר; נאָר האָסטו נישט געהערט
אין מיינע בייזע רייד אַ ווונק אויף מיין צוריקקער,
אַן אָנזאָג אויף מיין בענקעניש און ליבשאַפט?

תנחום

איך האָב געהערט, געהערט, אודאי.

גולם

איך האָב מיר אויסגעגעסן שוין די אויגן פון מיין ליכטיקייט,
און אַלע מענטשן, וואָס איך האָב באַגעגנט דורך דער נאַכט,
צעזייט געוואָרן זיינען אין מיין ליכטיקייט;
זיי וועלן אָבער זיך געפונען; יעדערער פון זיי
האָט ערגעץ־ווו אַן אָפגעצאַמטן ווינקל,
ווו צו צופאַלן מיטן קאָפּ און אויפדריקן דעם שטערן.



מיט בײדע אויגן זיך אַריינגראָבן און שווייגן...
ר׳ לוי האָט אַ חדר, און דער יונגער וואַנדערער —
די שטיינער־נעסט אין מדבר... נאָך אַ נאַכט און נאָך אַ נאַכט,
ער יאָגט אַהין און ער וועט קומען,
אַזוי ווי איך אַהער, און אויך, ווי איך, מיט פרייד
זיך וואַרפן קושן די פאַרשפּיצטע שטיינער,
וואָס וועלן אים אַרומכאַפּן מיט זייער שטעכיקייט,
אַרומהאַלזן מיט זייער האַרטקייט און פאַרלאָזנקייט...
ר׳ לוי זיצט שוין אין דער היים ביי זיך און זעט
אַנטפּלעקטע וווּנדער און אַנטפּלעקטע שרעקן...
אָט פאַלט ער צו צום טיש און ווערט אַנטשוויגן,
אַ גליקלעכער, ווי איך, אין זיין פאַרשטיינערונג;
אָט שטעלט ער זיך און גייט. ער גייט אַהער, ווי איך,
צו זוכן היימלעכקייט אין  ד י  פיר ווענט, ווו ער
איז שטענדיק זיכער צו געפינען איינעם — מיך —
וואָס וואַרט אויף אים און איז אויף אייביק זיינער...

תנחום

זיינער?

גולם

נישט פרעג. רוק נענטער זיך צו מיר.

תנחום

דו שלאָפסט, צי וואָס?

גולם

נישט פרעג, נישט רעד... פאַרלעש זיך, ליכטיקייט,
באַהאַלט זיך, שיין פון מיינע אויגן,
פאַרשווונקטער דיל, דערנענטער זיך צו מיר,
שיק דורך דיין קעלט דורך אַלע מיינע גלידער...
זאָל הערן זיך דער אָטעם נאָר פון דונערן,

און זאָל דער ווינט אַריינשמייסן דעם רעגן...
דערווייטער זיך פון מיר, דערווייטער זיך...

פאַלט. ציט זיך אויס מיטן פנים אַרונטער אין דער זעלבער פּאָזע, ווי ער איז געלעגן גאָר אין אָנפאַנג. תנחום, פול מיט שרעק, רוקט זיך פון אים אַלץ ווייטער און ווייטער אויף די שפּיצן פינגער. קומט צו אַ טיר און פאַרשווינדט האַסטיק. זיינע האַסטיקע דערשראָקענע טריט הילכן אין די ווייטע חדרים פון טורעם. שטילער, שטילער און פאַרגייען. שטאָק פינסטער. עס קומט אַריין מהר"ל מיט אַ לאַמטערן אין האַנט

מהר"ל

באַלויכט דעם גולם מיט דער לאַמטערן

קיין ענדערונג. אַזוי ווי איך האָב אים פאַרלאָזט.
דער זעלביקער.

שווייגט

דער גאַנצער רעגן גייט אויף אים.
שטיי אויף, שוין צייט, שטיי אויף.

גולם

זעצט זיך אויף

מהר"ל

גענוג געשלאָפן.

גולם

רבי.

מהר"ל

שלאָפסט שוין צוויי מעת־לעת.

גולם

איך האָב שוין לאַנג געוואָלט זיך אויפכאַפּן.
שוין וויפיל מאָל זיך אויפגעזעצט און נישט געקאָנט
פאַנאַנדערעפענען די אויגן. נאַס איז מיר און קאַלט.

מהר"ל

דער רעגן גיסט אויף דיר די גאַנצע צייט.



גולם

אין שלאָף האָב איך דעם רעגן נישט געפילט.
ווו בין איך, רבי?

מהר"ל

ווייסט דען נישט? אין פינפער טורעם.

גולם

און מיר האָט זיך געחלומט אַלץ, אַז איך
בין ערגעץ ווייט אַהינטער שטאָט, איך שפּאַן אַרום
אויף גרויסע שאָטנדיקע פעלדער, שפּאַן און שפּאַן.
עס קומען אָן אַזוינע מענטשן מיר אַנטקעגן,
איך לאָז זיך גיין צו זיי, זיי ווערן נענטער;
איך טו אַ שפּרונג און וויל זיי זען אין פנים,
נאָר ווי איך דריי זיך נישט, פון וואָסער זייט איך קוק נישט —
איך זע קיין פּנימער, נאָר נאַקנס...
קיין אויגן, שטערן, נעזער — איינע נאַקנס;
קיין מיילער — דאָך הער איך זיי רעדן...
איך פרעג: ווער זיינט איר, ענטפערן זיי: „דו";
פון וואַנען קומט איר — זאָגן זיי: „פון דיר";
איך פרעג: ווו גייט איר — זאָגן זיי: „צו דיר"..
און ווי זיי זאָגן דאָס אַרויס, זיי גיבן זיך אַ דריי
און נעמען יאָגן איינער נאָכן צווייטן גלייך אַהער
צום פינפער טורעם. איך נאָך זיי. און ווי איך לויף,
דערזע איך ערשט: זיי זיינען פינף אין צאָל,
דריי מענער און צוויי פרויען. אָט האָב איך זיי אָנגעיאָגט
און איינעם אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט, איך טו אַ קוק
ערשט — דו.

מהר"ל

איך?

### גולם

דו ביסט געווען אינגאַנצן נאַס, דערפראָרן,
די קליידער צוגעקלעפּט צום לייב, די באָרד צעפלאָסן,
די הענט, ווי אָפּגענומענע, — געבאָמבלט זיך אין אַלע זייטן,
און דאָ, וווּ ס'האָט באַדאַרפט דיין פּנים זיין — צוויי גרויסע שניטן

איין שניט פון שטערן ביז אַראָפּ, דער צווייטער אין דער ברייט
און ביידע האָבן זיי געגליט ווי רויטע פלאַמען,
געגליט, פאַרלאָשן זיך, געוואָרן שוואַרץ...
דו ביסט געפאַלן אויף די קני פאַר מיר, גענומען וויינען:
— אָ, ראַטעווע מיך, יאָסל, פון די שניטן,
איך טראָג זיי אויף מיין פּנים שוין פון טויזנט יאָרן,
זיי ווערן קיינמאָל נישט פאַרצויגן מיט קיין הויט...

### מהר"ל

וואָס ווייטער?

### גולם

אַלע איבעריקע, זעענדיק
דו ליגסט און וויינסט — אַרויפגעפאַלן זיינען זיי אויף מיר,
געוואָרפן צו דער ערד, געשפּיגן מיר אין פּנים;
און איינער, מיט צעווונדיקטע, צעבײלטע פיס,
אַרויפגעטראָטן איז אויף מיר און אויסגעשריען: גולם!..
אַ שפּרונג האָב איך געטאָן פון אונטער זיי, און אָנגעכאַפּט
דעם אויסשרייער פאַר ביידע הענט, אַרויפגעשליידערט אין דער הויך,
געוואָלט אַ זעץ טאָן אים אָן דר'ערד און — פאַרטיק,
ערשט, אומגעריכטערהייט, האָסטו מיט אַזאַ כּעס
אַ שניט געטאָן מיר מיט דיין שטעקן איבער קאָפּ און אויסגעשטאַמלט:
— צי ווייסטו וועמען דו ווילסט שלאָגן? גולם!..
אַ פינסטערניש האָט מיך אַרומגעכאַפּט, איך בין געפאַלן.



פאַר הענט און פיס האָט איר מיך זאַלבאַפינפט
גענומען טראָגן, שלעפּן, צוגעשלעפּט מיך צו אַ גרוב,
אַריינגעלייגט, און מיט די הויפנס איינער נאָכן צווייטן
געשאָטן ערד אויף מיר... אָט בין איך שוין פאַרשאָטן.
אַ האַלבער קאָפּ נאָך שטעקט אַרויס. דערהער איך מיט אַמאָל
ווי איינע פון די פרויען, דבורהל — —

### מהר"ל

ווער?

### גולם

איך האָב דערקענט איר קול. צעוויינט האָט זי זיך שטאַרק,
אַרויפגעפאַלן אויף מיין האַלבן קאָפּ, אַרומגעכאַפּט
מיט ביידע הענט, מיך צוגעדריקט צום האַרצן און געוויינט.
זי וויינט, און אַלע שיטן זיך די ערד און שיטן,
און דו, איך הער, זאָגסט ווידער מיט דעם זעלבן קול:
— צי ווייסטו וועמען דו באַוויינסט? אַזאַ באַוויינט מען נישט...

### מהר"ל

גענוג. דו הערסט? איך בין אַליין דאָ. איך אַליין.
איך קום אין האַלבער נאַכט צו דיר, דו זעסט.
איך ברענג דיר רו און פרידן. צוויי מעת לעת האָסטו
געשלאָפן נאָכאַנאַנד. נישט איינמאָל שוין בין איך
אַהער געקומען זען דיך, רופן עסן, טרינקען,
נאָך דו האָסט נישט געהערט.

### גולם

איך בין נאָך אַלץ נישט הונגעריק.
און פריער איז מיר קאַלט געווען, און איצט שוין נישט,
ווייל דו ביסט דאָ.

### מהר"ל

*לייגט אַרויף זיינע הענט אויפן גולמס אַקסלען*

וועסט גיין מיט מיר. איך דאַרף דיך.

גולם

כ׳בין גרייט שוין, רבי, רוף מיך.

מהר״ל

די האַלבע נאַכט דאַרף אונז באַגעגענען נישט דאָ,
נאָר אין דער טיפעניש פון פינפער טורעם, טיפער נאָך
פון אַלע גריבער, וואָס דו האָסט געזען אין חלום;
און הער דאָס וואָרט, וואָס איך וועל דיר אַנטפּלעקן,
פאַרנעם אים גוט, דערזע זיין רויטקייט,
דערשפיר זיין וואַרעמקייט, זיין ציטער און זיין שאַרפקייט,
דאָס וואָרט הייסט — בלוט.

גולם

בלוט.

מהר״ל

האָסט גוט פאַרנומען? וועסטו גוט געדענקען?
זאָג איבער נאָכאַמאָל, נאָר העכער.

גולם

בלוט.

מהר״ל

און נאָכאַמאָל, נאָר שטילער.

גולם

בלוט.

מהר״ל

איצט גרייט זיך גיין מיט מיר.

גולם

כ׳בין גרייט שוין, רבי, רוף מיך.



מהר״ל

איך רוף דיך. קום.

זיי גייען ביידע אַרויס צו די ווייטערדיקע אַריינגאַנגען פון טורעם. תנחום שלייכט זיך דורך מיט אָנגעצונדענע ליכט אין די הענט

תנחום

פאַרגייט זיך

ראַ-טע-ווען. . .
ווער וועט ראַטעווען? ווער?
ווער קאָן ראַטעווען? האַ?
וו-ע-ר ק-אָ-ן ראַ-טע-ווען? וו-ע-ר?..

---

אין די אונטערערדיקע היילן פון פינפער שלאָס, אַ פינסטערניש אָנצוטאַפּן מיט די פינגער. טאַדעוש באַגלייט פונעם מאָנאַך באַהיין זיך פון דער טיפעניש פון היל. דער מאָנאַך טראָגט אַ קליינעם פאַקעל. זיי אָטעמען ביידע אָפּ מיד פון לאַנגן קריכן אונטער דר'ערד

### טאַדעוש

דיין האַנט אַהער. נישט וואַקל זיך. ווען נישט די לופט
די שטיקנדיקע און די שטאַרקע פינסטערניש,
וואָלט לאַנג שוין אויסגעפירט געווען די שליחות,
וואָס גאָט און יעזוס אונזער קעניג האָבן אונז
געשיקט צו אויספירן. דו זעסט, די הייל איז לאַנג,
פאַרלאָזן און פון קיינעם נישט באַטראָטן,
פונדעסטוועגן האָט אונזער האַרץ זיך נישט געשראָקן,
און אונזער האַנט האָט נישט געציטערט. גאָט אַליין
האָט אונז מיט גלייכע טריט געפירט צו זייער שול...

### מאָנאַך

אָט פאַל איך, האַלט מיך, פאָטער.

### טאַדעוש

גלייך זיך אויס
און אָטעם אָפּ. די לופט איז לייכטער דאָ.

### מאָנאַך

כ'האָב אַלץ געטאָן, וואָס דו האָסט מיר געהייסן,
און נישט געשראָקן זיך, געהאַלטן פעסט

דעם מעסער אין דער רעכטער האַנט, און מיט דער לינקער
צונויפגעדריקט דעם האַלז... קיין איין געשריי, קיין צאַפּל...
די פלעשלעך האָב איך גוט פאַרקאָרקעוועט, אַוועקגעשטעלט...
נאָך פיל איך אויף מיין האַנט די וואַרעמקייט...
אָ, האַלט מיך צו, מיך שווינדלט ווידער.

## טאַדעוש

האָסט מורא? פייגעלינג. זעסט נישט, ווער עס פירט דיך?
דו זעסט מיין גרויע באָרד, מיין עלטער־שטעקן,
די נעכט די נישט דערשלאָפענע — אין מיינע אויגן?
פאַר וועמען האָב איך נישט דערשלאָפן? מיר צוליב?
אויף וועמען שפיגלט זיך דער שיין פון צלם —
אויף מיר אַליין? צי מערער נאָך אויף דיר?
און ווער האָט מער געשאַרפט דאָס מעסער, איך צי דו?
און ווער האָט מער אַריינגעזאַפט די הייסע וואַרעמקייט,
כאָטש איך בין פון דער זייט געשטאַנען, איך צי דו?
געטאָן האָב איך, נישט דו, און וואַקלען זיך
האָב איך באַדאַרפט; ווייל דו האָסט גאָרנישט נישט געטאָן, —
אַ פיר נאָר מיטן שאַרף געגעבן...

## מאָנאַך

פאַרגיב מיר, פאָטער.

קושט אים די הענט

## טאַדעוש

איך פאַרגיב דיר, איך בין גוט.
מעגסט רויק קומען אין דיין צעל און שלאָפן.
און איך בין מער ווי רויק, איך בין גליקלעך.
ווייל, קוקנדיק ווי דו גיסט אָן די פלעשלעך,
געזען האָב איך אַזוינע זעונגען פאַר מיינע אויגן,
וואָס קיינער, אויסער א י ם, האָט נישט געזען...
און ע ר, שוין הענגענדיק אַ צוגענעגלטער צום קרייץ,



און זעענדיק די זעלבע זעונגען וואָס איך,
האָט אויפגעמאַכט איין ווינקל פון אַ ברעם
און שטיל מיט ליבשאַפט צוגעשיקט אַ קוק אַהער;
ווייל ד אַ ן נאָך איז די הייל געווען שוין גרייט פאַר דעם,
און אויך דער מעסער... גלאַנציק, שטראַלנדיק און שאַרף
אַ שיין געטאָן האָט פון דער הייל אויף א י ם דער מעסער.
אַ שיין געטאָן, אַ גלעט געטאָן זיין אויפגעמאַכטע ברעם,
און גלאַנציק, שטראַלנדיק האָט זיך זיין אויג פאַרמאַכט...
דו מיינסט: נקמה? ניין, נאָר איינע ליבשאַפט,
ווייל בלוט — איז ליבשאַפט, בלוט פון קינדער,
ווייל ע ר איז אויך געווען אַ קינד... און יעדער מעסער
פון דאַמאָלסט אָן געוואָרן איז געבענטשט;
און קיינמאָל וועלן זיי, די קרייציקער, נישט קאָנען צונעמען,
אַוועקרויבן פון אונז די הייליקייט פון מעסער;
ווייל קיינמאָל טאָר נישט אויפהערן צו גיסן זיך
דאָס בלוט פון די, וואָס האָבן נישט געקאָנט דערזען
דעם שטילן שיין פון ז יי ן פאַרמאַכטער ברעם...

## מאָנאַך

אָ, פאָטער, דאַכט זיך, אַז מען גייט אַהער.

## טאַדעוש

דיר דאַכט זיך אַלץ, דו פייגלינג איינער. ווער
וועט גיין אַהער? ווער ווייס דעם סוד פונם אַריינגאַנג?
איך זאָג דיר נאָכאַמאָל, נישט האָב קיין מורא. —
עס הערן טריט זיך, יאָ, — דאָס זיינען ז יי נ ע טריט.
אַ שטילער, אַ פאַרבענקטער שוועבט ער אום
און אָטעמט שטאַרק און טיף אין זיך דעם רויטן גרוך,
ער ווערט אַ לעבעדיקער נישט נאָר אויפן הימל,
נאָר אויך מיט אונז אָט דאָ... אָט קומט ער. —
עס רויטלען זיך די בלייכע באַקן זיינע,
און פון די אויגן שטראָמט זיין ליבשאַפט־פרייד,

זיין קינדערישע באַרעמהערציקייט און צערטלעכקייט;
ער טראָגט דעם קרייץ אויף זיינע אַקסלען, טאַנצט מיט אים,
ער זינגט מיט אים, ער לעבט מיט אים, ער שפּילט זיך...
אָט איז ער דאָ, דו זעסט? הויב אויף די אויגן!

### מאָנאַך

*מיט שרעק, צלמט זיך און פאַלט צו דער ערד*

אָ, קום, כ'האָב מורא, מורא!

### טאַדעוש

איצט זעסטו שוין?

### מאָנאַך

אָ, יעזוס באַרעמהערציקער, דערבאַרעם זיך...
אָ, נעם מיך צו פון דאַנען, פאָטער הייליקער!

### טאַדעוש

אַוועק! אַוועק פון מיינע אויגן!
איך הייס דיר זען — און דו ביסט טויב און בלינד.
אַוועק!

*מאָנאַך לאָזט זיך לויפן און טאַדעוש פאָלגט אים נאָך. פאַרשווינדן. עס קומען פון אַן אַנדער זייט מהר"ל און דער גולם, מהר"ל טראָגט אַ לאָמטערן, דער גולם — אַ האַק און אַ רידעל*

### מהר"ל

בלייב שטיין און קוק זיך צו. וואָס זעסטו?

### גולם

איך זע דאָס גאַנצע לענג פון הייל פון עק ביז עק.
צו רעכטס — אַ שמאָלער וועג, צו לינקס — אַ ברייטער,
אַ הונדערט טריט פון דאַנעןְ טיילט זיך אָפּ
אַ דריטער וועג, קוים דורכצוגיין דורך אים.



### מהר"ל

ווו ענדיקן זיךביידע ערשטע וועגן?

### גולם

דער שמאָלער פירט צום שול, דער ברייטער פירט צום פּומר.

### מהר"ל

הער גוט זיך צו און זאָג מיר וואָס דו הערסט?

### גולם

אַ לעצטן אָטעם הער איך שוין פון אויסגעגאַנגענעם.

### מהר"ל

וואָס שפּירסטו מיטן נאָז.

### גולם

*ציטערט אויף*

דאָס וואָרט, דאָס וואָרט, וואָס דו האָסט מיר פאַרטרויט..!
אַ רויטס, אַ שאַרפס, אַ וואַרעמס און אַ שטילס,
איך שפּיר עס און איך הער עס און איך זע עס.

### מהר"ל

נעם איין דיין ציטער, זאָג עס.

### גולם

בלוט.

### מהר"ל

פון וועלכער זייט?

### גולם

פון רעכטס, פון שמאָלן וועג.

## מהר"ל

קום גיין אַהין.
מיר דאַרפן איינער צו דעם צווייטן מער נישט רעדן.
צו זיך אַליין נאָר אָן הפסוקות זאָגן:
דורך טויט און בלוט און לעצטן אָטעם. . .
און טראָט נאָך טראָט, אויף הינטער נישט אַ קוק טאָן.
הויב אָן צו גיין און זאָג וואָס איך:
דורך טויט און בלוט און לעצטן אָטעם.

## גולם

דורך טויט און בלוט און לעצטן אָטעם.

זיי נעמען גיין, ערשט עמעצער אַן אומזעבאַרער גיט אַ שטויס דעם מהר"ל אויף צוריק און פאַרצאַמט דעם וועג

## מהר"ל

דאַרפסט גיין אַליין. נישט=גוטע פון דער הייל
זיי ווילן מיר דעם וועג פאַרשטעלן; גיי אַליין,
ווייל דו ביסט נישט אין זייער שליטה.
נעם מיט דעם רידעל און די האַק. קיין פייער דאַרפסטו נישט.
זוך אויס דעם גאַנצן פלאַץ פון אונטערן שול,
און וואָס דו וועסט געפינען, טראָג עס איבער
צו וועמען דאָס באַלאַנגט. דיין שפּאַן איז גרויס,
דיין אויג איז ליכטיק...

## גולם

דו לאָזט מיך איבער, רבי?

## מהר"ל

האָסט מורא? וואָס?

## גולם

אָ, ניין, נאָר קום צוזאַמען.



וועסט זען, זאָל עמעץ נאָכאַמאָל אַ פרווו טאָן
פאַרשטעלן דיר דעם וועג!

## מהר"ל

איך טאָר נישט.
מיט טויזנט אויגן זוכט אַן אויסרייד די סכנה; —
איך הייס דיר גיין אַליין.

## גולם

אָ, אַלעמאָל, ווי נאָר
דו קומסט צו מיר, פאַרלאָזטו מיך די רגע.
אין טורעם אויבן טעג און נעכט בין איך געלעגן,
געוואַרט אויף דיר זאָלסט קומען זיין מיט מיר.
אין יעדן שאָרך, האָב איך געמיינט, איך הער
אַן אָנזאָג אויף דיין אָנקומען. דו האָסט געהייסן,
איך זאָל נישט רעדן גאָרנישט, ערגעץ נישט אַרויסגיין;
איך האָב געשוויגן; נאָר געהערט האָב איך אין זיך
מיט יעדער רגע, וואָס פאַרגייט, אַזוינע אויסגעשרייען,
אַזוינע ווערטער אַנדערע פון פריערדיקע, אַז איך האָב
דאָס מויל געמוזט פאַרשטאָפּן ניט צו אויסשרייען,
די פיס האָב איך געמוזט צוזאַמענבונדן, אונטערבויגן,
זיי זאָלן זיך אַליין נישט אויפהויבן און נעמען לויפן, —
אַזוי האָט מיך געצויגן גיין פון דאָרט, געטריבן...
און דו, ווי נאָר דו גיסט אַ קוק אויף מיר, רעדסט אויס
אַ פּאָר געציילטע ווערטער, גלייך פאַרקערסטו זיך
און לאָזט מיך ווייטער זיין אַליין... ניט גיי אַוועק.
איך זע די גאַנצע פינסטערניש ווי דורך אַ שיין,
איך זע די הייַלן אין דער לענג און אין דער ברייט,
איך הער די שטיינער רעדן, רירן זיך, פון אַלע שפּאַלטן
די שאָטנס נעמען זיך באַוועגן, אומפּויזען ווי שלאַנגען,
עס נענטערט זיך אַ בילעריי, אַ וואָיען, אַ קריצן מיט די ציין...
איך האָב קיין מורא ניט, נאָר זיי מיט מיר; איך וויל
דיין נאָנטקייט, רבי, נאָר דיין נאָנטקייט.

### מהר״ל

מיר גייען אויף די שפּורן איצט פון יענע וועגן,
וואָס הערשן איבער זיך אַליין... זיי זוכן אַלע מיטלען
פאַרדרייען אונז די טריט, אַראָפּפירן, פאַרפירן.
זיי וועלן אָנרייצן אויף דיר נאָך מערער שרעקן;
נאָר דו, פאַרבלייבנדיק אַליין, וועסט מוזן דורכגיין,
וועסט מוזן, ווייל דו ביסט געשיקט, געצווונגען...
זײַ וויסן, וואָס דו זאָלסט נישט זען און הערן,
איז נישט פאַר דיינע אויגן, דיינע אויערן;
דורך דאָס געזעענע, געהערטע זע און הער
דאָס אַנדערע, דאָס ווייטע, וואָס דו מוזט אַנטפּלעקן. —
פאַרבלייב אַליין.

### גולם

אָ, נאָך איין רגע, רבי.

### מהר״ל

מיט יעדער רגע ווערט אַלץ גרעסער די סכנה,
און דו — וואָס ביסטו אין איר אָנגעזיכט, אַז דיר צוליב
זאָל זיך פאַרשפּעטיקן אפילו מיט אַ האַלבער רגע
די ישועה פון אַ גאַנצן פאָלק?..

### גולם

שוין וויפיל מאָל,
ווען נאָר דו דאַרפסט מיך ערגעץ שיקן, דאַן ערשט קומסטו,
דערוועקסט מיך פון מיין שלעפעריקייט, פון מיין שטילקייט,
פאַרוואַנדלסט מיך אין גאָר אַן אַנדערן. דו מיינסט, איך ווייס נישט?

### מהר״ל

דיין גאַנץ לעבן איז נאָר איין דערוואַרטונג
אויף יענע רגעס, ווען דו ווערסט מיר נויטיק;
אָט האָסטו זיך דערוואַרט און פילסט אַליין נישט



ווי גרויס עס ווערט דער זין פון יעדן טאָג דיינעם,
וואָס האָט געהאַט די זכיה אויף דעם אַלץ צו וואַרטן...
דאָס צופעליקע פון דיין לעבן גייט אַוועק פון דיר,
דיין איבעריקייט; טאַט און גבורה רופן דיך,
דיין לעבן ווערט באַוויליקט; זע, עס שפּרייט אויף דיר
איר שוץ פון אירע פליגלען די השגחה.

מהר״ל פאַרלאָזט אים. פינסטער. ביסלעכווייז הויבט אָן אַ שטילע ליכטיקייט
אַרומצורינגלען דעם גולם. זיינע אויגן ווערן ברייט און גלאַנציק, זיין פּנים —
מאַרך, זיין גאַנצער קערפּער — בויגיק, טיגעריש, גרייט צום שפּרונג

### גולם

די ווייטקייט און די טיפעניש — איין שפּאַן,
איין שפּרונג, איין בליק, איין פלאַטער
דורך בלוט און טויט און לעצטן אָטעם.

ער ווילט מאַכן אַ שפּרונג, ערשט עס ווערט אַ גרויס געדודער איבערן הימל. פון
ערגעץ האָבן זיך אַרויסגעריסן ווינטן און צעלאָזט זיך מיט אַ פייפעריי. פון אויבן
און פון אונטן נעמט האָגלען מיט שטיינער. זיי פאַלן איבער דעם גולמס קאָפּ, ער
שליידערט אַרונטער דעם באַרג פון זיך און טרעט אָפּ אויף צוריק. ווי ער טרעט
אָפּ ווערט דער שטורעם איינגעשטילט. ער וואַרט עטלעכע רגעס און טוט ווידער
אַ שפּאַן פאָרויס

### גולם

מיט אַ ווילדן אויסרוף

דורך בלוט און טויט און לעצטן אָטעם.

עס הויבט זיך אויף אַ מוראדיקע בילעריי, אַ טופּעריי פון הינטישע פיס. די גאַנצע
היל יאָמערט און רייסט זיך. דער גולם וואַרפט אין אַלע זייטן מיט דער האַק.
דאָס בילעריי ווערט שטיל. עס רייסן זיך אַרויס פון ערגעץ פלאַמען און וואָלקנס
רויך. קנוילן זיך און ווייקלען אים אַרום, זיינע קליידער הויבן אָן צו ברענען. ער
ראַנגלט זיך ווי אַ וואַנזיניקער, אַרויסלאָזנדיק פאַרשטיקטע קולות. ער פאַלט צו
דער ערד. די פלאַמען פאַרשווינדן. ער ליגט און אָטעמט שווער. ער שפּרינגט אויף
אַ צערייצטער. זיינע קליידער זיינען פאַרברענט, נאָר ער אַליין — ניט געריירט

### גולם

ווו ביסטו, רבי, ווו ביסטו? קום אַהער!

ער זעצט זיך אַרונטער אויף די קני. אין דעם שיין אַרום אים הויבן אָן צו באַ-

*װעגן זיך אלערלײ שאָטנס, הײל-רוחות, טאַנצן און דרײען זיך, פלעכטן זיך איבער זײן קאָפּ*

### גולם

װוּ ביסטו ? קום און זע, װי אַלץ האָט זיך
מיט צאָרן אױפגעװעקט אַנטקעגן מיר ;
דער פײער איז שױן אױסגעלאָשן און דער שטורם
איז אײנגעשטילט ; איצט הױבן אָן אַרױסצוקריכן
פון זײערע באַהעלטענישן שטילע שרעקן,
זײ פלעכטן זיך, זײ דרײען זיך און האַלזן זיך,
און רינגלען מיך אַרום אין זײער מיטן ;
זײ שטעכן דורך דעם קוק פון מײנע אױגן
מיט בלענדעניש, מיט צװײַענדיקע פײערן,
און מײנע אױערן מיט צװײַענדיקע קלאַנגען,
די גאַנצע הײל איז אױך געװאָרן צװײַענדיק ;
עס טונקלט זיך דער שײן אַרום מײן קאָפּ. . .

*ער װיל נעמען גײן און װײס ניט װו א טראָט צו טאָן. ער דרײט זיך אַרום אױף אײן אָרט, און אַרום אים א שװינדלדיקער קאַראַהאָד פון רוחות*

### הײל=רוחות

רונד אַרום,
רונד אַרום.
װער איז דער, װאָס אין דער מיט ?
װער באַצײכנט זײנע טריט ?
װער באַשיצט אים און באַהיט ?
— קײנער ניט,
קײנער ניט. . .

ער איז ניט אין אונזער מאַכט ;
אין דער ערב=פּסח=נאַכט
װער האָט אים אַהער געבראַכט
אין דער מיט,
אין דער מיט ?



רונד אַרום.
רונד אַרום,
ער אַלײן האָט אונז דערװעקט,
פון דער שװאַרצקײט אױפגעדעקט ;
װער איז דער, װאָס האָט געמעגט ? —
— קײנער ניט,
קײנער ניט.

װיגט זיך, פלעכט זיך אין דער קײט,
זינגט דאָס ליד פון אַנגסט און טױט,
דרײט אים, דרײט אים און פאַרדרײט
אין דער מיט,
אין דער מיט.

### גולם

*שטײט א צוגעשמידטער*

דער פײער האָט מיך נישט געברענט,
די שטײנער — נישט דערשלאָגן ;
צערײס זיך, דרײענדיקע ראָד,
צעברעך זיך, צװײענדיקער טאַנץ,
איך בין געשיקט צו גײן
און נישט צו שטײן אין מיטן.

### הײל=רוחות

שלענגלט זיך אין צװײען,
פלעכט זיך דרײ און דרײ,
ביז איר װעט פאַרדרײען,
ביז איר װעט דערהיטן
דעם, װאָס שטײט אין מיטן,
נעמט אַלײן זיך דרײען,
טײלן זיך אין צװײ. . .

ער איז אַ פאַרבליקטער, —
כאַפּט אים און דערשטיקט,

זאָל ער אַ דערשטיקטער
פאַלן דאָ אין מיטן,
העלפט אויף העלפט צעשניטן; —
ער איז אַ געשיקטער,
ווער האָט אים געשיקט?

האָסט אַ האַק גענומען —
שפּאַלט דיין קאָפּ און שוין,
איידער ס'איז געקומען
דער, וואָס האָט געהייסן
דיך אַהער פאַרשטויסן,
און די האַק פאַרנומען
אין זיין האַנט אַליין...

מאַכט אַ וועג, מיר הערן
נאָענט שוין זיינע טריט;
בלייכע שיינען ווערן
בלוטיק־רויט געצונדן
אין אַ זייל אַ רונדן, —
זאָל זיי אויך דערהערן
דער, וואָס אין דער מיט.

שלענגלט זיך צו צווייען
און צערייסט די קייט,
שטעלט זיך אויס אין רייען
שטום און טויט־געשלאָסן,
בלוטיק־רויט באַגאָסן, —
זאָל אַליין זיך דרייען
דער, וואָס איז שוין טויט...

דער טאַנץ פון די רוחות שליסט זיך אויף. די הייל ווערט באַגאָסן מיט אַ רויט־בלוטיקן שיין. שטיל. גולם טוט אַ פאַל צו דער ערד אין טויט־שרעק פון דעם, וואָס זיינע אויגן דערזעען מיט אַמאָל: פון דער אַנטקעגנדיקער זייט, ווו ער האָט באַדאַרפט זיך לאָזן שפּאַנען, קומט אַרויס אַ געשטאַלט, וואָס איז ענלעך דורכויס



צום מהר"ל. דאָס פּנים — מוראדיק קאַלט, ביז רציחה, די אויגן — שטעכיק, דאָס מויל — צונויפגעפּרעסט. ער גייט מיט איינגעהאַלטענע שטייפע טריט אַ באַגאָכענער מיט רויטן שיין. מיט יעדן טראָט, וואָס ער מאַכט, גיט ער אַ קלאַפּ דעם שטעקן אָן באָדן, און יעדער קלאַפּ הילכט אָפּ פון אַלע זייטן

געשטאַלט

האָסט פריער מיך גערופן — ניין?

גולם

הויבט אויף דעם קאָפּ

ווער ביסטו?

געשטאַלט

ווער בין איך? קענסט מיך שוין נישט, סענסט מיך נישט?

גולם

אָ, ניין, אָ, ניין. דו ביסט נישט רבי.
דו ביסט אַן אַנדערער, נישט ער.

געשטאַלט

נישט ער?

לאַכט בייז

אַ חוצפּה! האָסט געהערט! צי ווייסטו ניט,
אין וועמענס הענט דו ביסט? אין מיינע הענט, —
צו וואָס האָסטו גערופן מיך? איך פרעג דאָך.

גולם

אָ, גיי אַוועק פון מיר, אַוועק, כ'האָב מורא.
דו ביסט אַן אַנדערער, ניט רבי —

געשטאַלט

רעדסט ווידער חוצפּהדיק. פּרווו נאָכאַמאָל
מיט מיר אַזוי צו רעדן, — זעסט דעם שטעקן.

גולם

אָ, האָב רחמנות.

### געשטאַלט

איך בין רבי.

### גולם

האָב רחמנות.
וואָס ווילסטו טאָן מיט מיר? עס האָט מיך עמעצער
פֿאַרפֿירט אַהער. דער רבי... דו...

### געשטאַלט

וואָס אַרט עס מיך? איך וועל פֿון דאַנען שוין
דיך קיינמאָל נישט אַרויסלאָזן. וועסט אייביק דאָ
פֿאַרבלייבן, אייביק.

### גולם

*וויל נעמען לויפן ערגעץ, דאָס געשטאַלט פֿאַרשטעלט דעם וועג*

### געשטאַלט

לויף ניט, שטיי, פֿאַרפֿאַלן.
פֿון דאַנען גייט מען ניט אַרויס צוריק.

### גולם

איך וויל נישט. הערסט — איך וויל נישט. לאָז מיך.

### געשטאַלט

נעם איין דיין חוצפּה, זעסט דעם שטעקן?
אָט שטעך איך דורך מיט אים די אויגן דיינע,
אָט נעם איך דיינע האָר און פֿליק זיי אויס,
און קלאַפּ דיר אַלע ציין אַרויס פֿון מויל,
פֿאַר יעדן וואָרט אַ צאָן.

### גולם

אַוועק פֿון מיר, אַוועק.

*וואַרפֿט זיך מיט די פֿויסטן און שפּרינגט אָפּ צוריק*



### געשטאַלט

דו הויבסט דיין פֿויסט אויף מיר, אויף מיר — דיין רבין,
העי, קומט אַהער, אַהער, איר אַלע,
רייסט אויס זיין צונג, ער זאָל ניט קאָנען רעדן,
צעהאַקט אים זיינע פֿיס, ער זאָל ניט קאָנען לויפֿן;
אַנידער צו דער ערד, צעבייסט זיין לייב,
דעם גאָרגל שניידט אים איבער!...

### גולם

וועמען רופֿסטו?
נישט רוף, נישט רוף.

### געשטאַלט

זיי שטום! איצט זעסטו שוין,
אַז איך בין רבי.

### גולם

יאָ, איך זע.

### געשטאַלט

איצט ווייסטו שוין,
אַז איך האָב דיך געבראַכט אַהערצו —

### גולם

דו, דו.

### געשטאַלט

טאָ הער און שווייג. איך בין דיין האַר, איך קאָן
טאָן אַלץ מיט דיר, וואָס נאָר מיין האַרץ פֿאַרגלוסט;
איך טו דיר גאָרנישט, ווייל איך שפּיל זיך נאָר מיט דיר,
מיט דיר און מיט דיין שרעק און מיט דיין טרויער;
און ווייטער דאַרף איך דיך אויף גאָרנישט...
וואָס קוקסטו, גולם דו, שטיק פֿלייש, פֿאַרטעמפּטער מח?
פֿאַרמאַך די אויסגעגלאָצטע אויגן דיינע,

פאַל צו צו ערד און ליג. פאַל צו און ליג!...

גולם לאָזט זיך אַרונטער צו דער ערד

אַזוי. דער קאָפּ אַרונטער. נידעריקער, נידעריקער,
דאָס פּנים צו דער ערד נאָך טיפער, טיפער;
און דרייען דריי זיך אויף און זיץ
דורך טאָג און נאַכט, דורך טאָג און נאַכט!...

גולם רוקט אַריין דעם קאָפּ צווישן די קני. דאָס געשטאַלט פאַרשווינדט. די הייל־רוחות קריכן אַרויס, ציען זיך אין רייען, טראָגן זיך ליכט, קוים אָנרירנדיק דעם באָדן

## הייל־רוחות

לעשט דעם פלאַם
מיט שטורם־ווינט;
אויף דעם שטורם
רייצט די הינט.
שליידערט שטיינער
אויף די הינט,
אָן די שטיינער
וואַרפט דאָס קינד.

אין אַ זעקל
ליגט דאָס קינד, —
נעמט דאָס זעקל
און צעבינדט.

קוקט אין זעקל
טיף אַריין,
דאָרטן ליגן
פלאַשן ווייַן.

לאָמיר טרינקען
פלאַש נאָך פלאַש
נאָך דעם איינגעשטילטן
רעש.



ער וועט שוין
זיך וויגן דאָ
אין זיין אומזין
שעה נאָך שעה...

פּ. גולם זיצט אַליין. הויבט אויף דעם קאָפּ און קוקט זיך אַרום

## גולם

ווו בין איך? וואָס איז דאָ געשען?
ווי קום איך אין דער טיפעניש אַהער?
מיט וועמען האָב איך זיך געדרייט אין טאַנץ?
איך דאַרף דאָך ערגעץ גיין — וווהין? צו וואָס?
פאַר וואָס איז אַזוי שטיל געוואָרן מיט אַמאָל?
און וואָס איז דאָס? אַ האַק? אַ רידעל?
ווו בין איך? ווער האָט מיך געבראַכט אַהער?

לאָזט אַרויס אַ משונהדיקן קלאַנג, פאַרגייט זיך אין אים

איך שריי און קיינער ענטפערט נישט. נישט שרייען?
אַנידערלייגן זיך און ליגן און נישט רופן מער?
אָ, עפּעס האָט געבלאַנקט פאַר מיינע אויגן...

ער טוליעט זיך צו דער ערד און בלייבט ליגן. איבער אים אַנטפּלעקט זיך דער איינו נראה, נעמט אים אָן פאַר די אַקסלען און טרייסלט אים

## אינו נראה

דערזע מיך. איינמאָל און פאַר אַלע מאָל
דערזע מיך.

## גולם

שפּרינגט אויף מיט אויסגעשטאַרטע אויגן

## אינו נראה

לויף נישט. ווו דו זאָלסט נישט גיין,
וועל איך דיר נאָכגיין. קוק אויף מיר און פריי זיך,
דער פריעריקער שרעק האָט דיך צעטומלט,
דער טאַנץ האָט דיך פאַרדרייט; איך האָב עס צוגעזען,
און איצט דערזע אויך דו.

**גולם**

ווער ביסטו? זאָג — — —
ווי קאָן עס זיין?

**אינו נראה**

נישט פרעג. דערזע, און ווייטער גאָרנישט.

**גולם**

דיין פנים שיינט ווי מיינער פריער,
און מיר איז פינסטער איצט.

**אינו נראה**

עס האָט געמוזט געשען, דו זאָלסט כאָטש איינמאָל
אויף זיך אַליין אַ קוק טאָן. איינמאָל און מער קיינמאָל.

**גולם**

וואָס טו איך דאָ? איך ווייס נישט. אפשר ווייסטו?

**אינו נראה**

דו ביסט געקומען זען דעם טאַנץ פון אומזין,
דו האָסט געזען דעם אָנפאַנג ערשט נישט לאַנג,
און איך וועל דיר אַנטפּלעקן אויך דעם סוף,
דעם גאַנצן אומזין... האַלסט אין האַנט אַ האַק, אַ רידעל,
דו דאַרפסט זיי נישט... די פלאַשן שטייען אָנגעגרייט.
שטרעק אויס די האַנט און ווייטער גאָרנישט.

**גולם**

אָ, יאָ איך ווייס שוין. איך דערמאָן מיך.

**אינו נראה**

צו וואָס דערמאָנען זיך?
וואָס האַרט דיך, אַז דו האָסט פאַרגעסן? ס'איז אַלץ איינס.



דו וועסט דיין שליחות אָפּטאָן סיי־ווי־סיי;
ווייל וואָס זאָל אַנדערש אַ שליח טאָן, אויב נישט
זיין שליחות? פריער, שפּעטער, דאָ צי דאָרטן —
אַלץ איינס, און אָפּגעטאָן — געענדיקט. אַלץ געענדיקט...
פאַר עמעצן, קאָן זיין, אַז דו פאַרשפּעטיקסט; אָבער דו,
פאַר זיך אַליין, וואָס קאָנסטו דאָ פאַרשפּעטיקן?...
שטרעק אויס די האַנט פון דאַנען, נאָר די האַנט,
עס לוינט זיך נישט קיין טראָט אַפילו געבן...

**גולם**

פון דאַנען?

**אינו נראה**

יאָ, פון דאַנען. וואָס איז ווייטקייט? גאָרנישט.
פאַרבאָרגענישן זעען זיך פון אויבן אויף
פון אייביק אָן, און אַלע וועגן זיינען נאָר איין טראָט,
און שטערונגען — דאָס זיינען נאָר אַ שפּיל פון די,
וואָס ווילן אויף איין רגע כאָטש זיך אָפּקערן פון אומזין.
און וואָס איז בלוט און טויט און לעצטער אָטעם?...

**גולם**

אָ, איצט דערמאָן איך זיך אינגאַנצן שוין.

**אינו נראה**

אינגאַנצן שוין?
און וואָס איז דו אַליין? און איך וואָס איז ווי דו?
נישט בלוט, נישט טויט, נישט לעצטער אָטעם.
פאַרשטייסט, אפילו לעצטער אָטעם נישט... שטרעק אויס אַ האַנט,
און אויב עס ליגט באַהאַלטן עפּעס ווו, וועט עס אַליין
זיך אויפהויבן, זיך צוקלעפּן צו דיינע פינגער;
ווייל דאָס, וואָס איז פאַרבאָרגן אין דער טיף פון הייל,
האָט לאַנג זיך שוין פון זיך אַליין אַנטפּלעקט פאַר אַלע אויגן...
אָט ליגט עס, בויג זיך איין און נעם עס. זעסט?

## גולם

גיט אַ קוק אַרונטער און דערזעט: נעבן זיינע פֿיס ליגט אַ פֿאַרבינדן זעקל

פֿאַרוואָס האָב איך עס פֿריער נישט געזען?

## אינו נראה

האָסט זיך אַליין אויך פֿריער נישט געזען.

## גולם

איך זאָל עס אויפֿהויבן?

## אינו נראה

צו וואָס? זאָל ליגן.

## גולם

דו שפּאַסט פֿון מיר. זעסט אויס ווי איך און שפּאַסט פֿון מיר.

## אינו נראה

דו ווילסט איך זאָל אַוועקגיין?

## גולם

יאָ, כ'האָב מורא.
עס הויבט זיך ווידער אָן די הייל צו דרייען.
אָ, ניין, פֿאַרבלייב.

## אינו נראה

צעבינד דעם זאַק און דאַן
פֿאַרלאָז איך דיך.

גולם בינדט אויף דעם זאַק, נעמט אַרויס צוויי פֿלאַשן, אָנגעפֿילט מיט רויטער פֿליסיקייט

## אינו נראה

איצט זעסטו?



## גולם

שרייט אויס

בליט! בלוט!

## אינו נראה

צו וואָס נאָך שרייען? שטעל אַוועק, זאָל שטיין...

פֿאַרשווינדט מיט אַמאָל. די הייל ווערט באַגאָסן מיט אַ געלבלעך-וועקסענע ליכטי-קייט. די־ באָדן פֿון הייל עפֿנט זיך אויף און עס הייבן זיך אַרויס די אונטער-ערדיקע, זיי האַלטן אין זייערע דאַרע אויסגעצויגענע הענט אָנגעצונדענע גרויסע ליכט. זייערע קליידער, פֿון לאַנגן קבֿר-שלאָף, זיינען צעפֿוילט און פֿאַנאַנ-דערגעפֿאַלן. זיי גייען אַ שטילן [illegible]ד אַרום די פֿלאַשן, קוים וואָס זיי רירן זיך. די הענט מיט די ליכט אויסגעש[illegible]ט פֿאַרויס. דער גולם סוליעט זיך צו אַ וואַנט, קוקט מיט געשפּאַנטקייט אויף אַלץ, וואָס ער זעט

## ערשטער אונטערערדיקער

מיט אַן אויסגעלייטערט קול
זינגען מיר צום ערשטן מאָל.

אויפֿגעשטאַנענע פֿון שלאָף
צו דערנענטערן דעם סוף.

אויפֿגעלויכטענע אין פֿרייד
אין דעם אָנגעזיכט פֿון טויט.

## אַלע איבעריקע

וואַרטן לאַנג די ליכט געגרייטע
אויף די אויפֿגעוועקטע טויטע,
ביז זיי ווערן אויסגעברענט
אין די אויסגעשטרעקטע הענט.

נישט מיר וויינען, נישט מיר קלאָגן,
נאָר מיר טראָגן, טראָגן, טראָגן
ליכט, וואָס ווערן אויסגעברענט
אין די אויסגעשטרעקטע הענט.

אַז מיר זינגען אָפּ די לידער
פאַלן מיר צוריק אַנידער
מיט די ליכט, אויב ניט דערברענט,
אין די אויסגעשטרעקטע הענט.

ערשטער

ציילט די טריט און ניט פאַרציילט,
ווייל דאָס אָרט איז אויסדערוויילט.

זיבן מאָל אַרומגעדרייט
מיט דעם זיגל־שנור פון טויט.

וועלן קומען באַלד אַהער, —
ווייסט איר דאָך מסתמא ווער.

אַלע

יאָ, מיר ווייסן ווער דאַרף קומען,
האָבן מיר דערפאַר גענומען
ליכט, וואָס ווערן אויסגעברענט
אין די אויסגעשטרעקטע הענט.

אַז מיר וועלן זיי דערהערן —
זאָלן ליכט פאַרלאָשן ווערן,
זאָלן ווערן אויסגעברענט
אין די אויסגעשטרעקטע הענט.

ווייל מיר ווילן גאָרנישט זאָגן,
נאָר מיר טראָגן, טראָגן, טראָגן
ליכט, וואָס ווערן אויסגעברענט
אין די אויסגעשטרעקטע הענט.

ערשטער

נויגט צום לעצטן מאָל דעם קאָפּ
צו דעם גרענעץ־שנור אַראָפּ.



קערט זיך אום צו אייער שלאָף,
ווייל עס גענטערט זיך דער סוף.

אַלע

יאָ, מיר האַלטן שוין ביי זיבן,
און אונז זיינען נאָך פאַרבליבן
ליכט אינגאַנצן ניט דערברענט
אין די אויסגעשטרעקטע הענט.

ערשטער

אָ, איך הער שוין פון דער נאָנט
זייער נאָמען ווערט דערמאָנט.

זייער נאָמען גייט פאַרביי,
ווייל זיי זיינען איינס אין דריי.

איינער הערט שוין דאָ פון לאַנג
אונזער ליכטנדן געזאַנג.

אָט דאָ שטייט ער, קוקט זיך צו, —
ווייס ניט וואָס און ווייס ניט ווו...

זעט, זיין קלייד פאַרברענט אויף קויל,
גאָר אַ פרעמדער דאָ אין הייל.

אַלע

זאָל דער פרעמדער שטיין און קוקן
ווי עס צוקן, צוקן, צוקן
ליכט, וואָס ווערן אויסגעברענט
אין די אויסגעשטרעקטע הענט.

ווייל מיר שווערן מיט זיין שאַרבן:
ער וועט שטאַרבן, שטאַרבן, שטאַרבן... —
ליכט, פאַרלעשט זיך נישט דערברענט
אין די אויסגעשטרעקטע הענט.

פאַרלעשן די ליכט און זינקען איין צוריק, פון וואַנען זיי זיינען אַרויס

### ג ו ל ם

אַז איך בלייב שוין אייביק דאָ,
וועל איך זיצן אין דער מיט
פון דעם אויסדערוויילטן אָרט
אין די אויסגעצײילטע טריט.

קיינע רוחות הער איך מער,
נאָר איין איינעם — פון די ליכט;
ליגט דער טויט אויף מיינע הענט,
און די הענט — אויף מיין געזיכט.

*זעצט זיך אין דעם אָנגעצייכנטן רינג. אַן אומזעבאַרע האַנט שטויסט אַריין אין הייל דעם יונגן בעטלער אַ צוגעשמידטן צו אַ לאַנגער קייט. דער שטויס איז אַזוי גרויס, אַז דער בעטלער פאַלט צו דער ערד. ער ליגט אַ הוילע און שטעלט זיך אויף*

### יונגער בעטלער

ענדלעך בין איך דאָ,
ענדלעך בין איך פריי,
אין דער לעצטער שעה
איינער פון די דריי.

פלאָנטער מיינע פיס,
רינגלדיקע קייט,
יעדער וווּנדן־ריס
נענטערט מיך צום טויט.

ווייל איך קום אַריין
נישט אַרויסצוגיין,
אין דעם לעצטן פּיין
טרייסטן זיך אַליין.

ווייטאָק פון מיין לייב,
גראָב זיך איין אין שטיין;



איך פאַרבלייב, פאַרבלייב
טרייסטן זיך אַליין.

*טאַפּט אין דער פינסטערניש*

ווו זיינט איר? רופט זיך אָפּ,
מיר דאַרפן זיין דאָ דרייען, דרייען,
דרייען,
דערנענטערן זיך קאָפּ צו קאָפּ,
די פריינטשאַפט צו באַנייען.

די וועלט — באַזונדער, מיר — באַזונדער,
קיינער נישט אין מיטן,
דער אומזין פון די לעצטע, לעצטע, לעצטע
וווּנדער
וועט אַליין אונז היטן.

ווו ביסטו, הער מיין קול,
גענעגלטער צום צלם;
מיר מאַכן פרידן, פרידן, פרידן
היינט אויף אַלע מאָל, —
און דו ווו ביסטו, גולם?..

*ער שלאָגט זיך אָפּ אָן גולם*

### ג ו ל ם

אַוועק פון מיר, איך זיץ אין מיטן,
ווייל איך בלייב אויף אייביק דאָ.

### יונגער בעטלער

נעם מיך אויך צו זיך אין מיטן,
איך בלייב אויך אויף אייביק דאָ.

### ג ו ל ם

זעץ זיך, נו. און ווו איז דער,
דער וואָס דאַרף דער דריטער זיין.

יונגער בעטלער

באַלד וועט אָנקומען אויך דער,
ווער עס דאַרף דער דריטער זיין.

גולם

רעדסטו איבער מיינע רייד,
ווי איך זאָג זיי וואָרט נאָך וואָרט.

יונגער בעטלער

דיינע רייד איז מיינע רייד,
זאָג איך איבער וואָרט נאָך וואָרט.

גולם

וויקלסט אַלץ נאָך דיינע ווונדן?

יונגער בעטלער

יאָ, איך בינד נאָך אַלץ די ווונדן.

גולם

פוי, אַ פוילקייט טראָגט פון דיר.

יונגער בעטלער

יאָ, אַ פוילקייט טראָגט פון מיר.

גולם

שרייט

שטילער.

ביידע זיצן און שווייגן

יונגער בעטלער

כ'האָב מיין גומען דעם פאַרדאַרטן
ניט באַנעצט שוין צוויי מעת לעת.

גולם

טרינק, אָט וואַרטן
אָנגעפולטע פלאַשן צוויי.



יונגער בעטלער

כאַפּט אַ פלאַש, עפנט אויף, היל טרינקען און שרייט אויס דערשראָקן

בלוט!

גולם

צו וואָס נאָך דער געשריי?
שטעל אַוועק צוריק, זאָל שטיין...

אַן אומזעבאַרע האַנט שטויסט אַריין דעם מאַן מיטן גרויסן קרייץ אויף די אַקסלען. ער בויגט זיך אונטערן לאַסט פונם קרייץ

דער מאַן מיטן קרייץ

ענדלעך בין איך דאָ.
ענדלעך בין איך פריי.
אין מיין לעצטער שעה
איינער פון די דריי.

דריק מיך, קרייץ, צום ערד,
ווי פון אייביק אָן;
איך האָב שוין געהערט,
וואָס איך דאַרף דאָ טאָן.

טאַפּן אָן די ווענט
אויסגעלייזט צו זיין,
וואַרטן אויף דער ענד
אינם לעצטן פיין.

נעגל פון די הענט,
דאָרן פון מיין קאָפּ,
קריצט זיך אין די ווענט,
ביז איר קריצט זיך אָפּ...

טאַפּט אין דער פינסטער און רופט

וווּ זיינט איר, רופט זיך אָפּ;
איך בין אַליין, אַליין, אַליין, —
פאַרשטויסן.

ניש װאַרף פון זיך דעם קרײַץ אַראָפּ —
מײַן האַר האָט מיר געהײסן.

געבענטשט זאָל זײַן זײַן מױל דערפאַר,
איך קען נאָר בענטשן, בענטשן, בענטשן
און פאַרגעבן;
מ׳ײַן קנעכט געװאָרן איז מײַן האַר,
מײַן קעניגרײַך דאַנעבן.

שלאָגט זיך אָפּ אָן די זיצנדיקע צװײ

גולם

שטיי, מיר זיצן דאָ אין מיטן,
װײַל מיר בלײַבן אײביק דאָ.

דער מאַן מיטן קרײַץ

נעמט מיך אױך אַרײַן אין מיטן,
איך בלײַב אױך אױף אײביק דאָ.

גולם

זעץ זיך, נו. מיר זײַנען דרײַ,
זײַנען מיר שױן אַלע דאָ.

יונגער בעטלער

זײַנען מיר שױן אַלע דאָ.

דער מאַן מיטן קרײַץ

אַז מיר זײַנען דאָ אין דרײַען,
זײַנען מיר שױן אַלע דאָ.

גולם

רעדסטו אױך אַזױ װי ער,
זאָגסט מיר איבער װאָרט נאָך װאָרט.



דער מאַן מיטן קרײַץ

דײַנע רײד איז מײַנע רײד,
זאָג איך איבער װאָרט נאָך װאָרט.

גולם

טראָגסט נאָך אַלץ אױף זיך דעם קרײַץ?

דער מאַן מיטן קרײַץ

יאָ, איך טראָג נאָך אַלץ דעם קרײַץ.

גולם

פױ, אַ טױטקײט טראָגט פון דיר.

דער מאַן מיטן קרײַץ

אָ, אַ טױטקײט טראָגט פון מיר.

גולם

שטילער, זיץ און שװײַג.

דער מאַן מיטן קרײַץ

דורשטיק בין איך.

גולם

טרינק, אָט שטײען
אָנגעפולטע פלאַשן צװײ.

דער מאַן מיטן קרײַץ

נעמט צום מױל און שרײַט אױס

בלוט!

גולם

װאָס שרײַסטו? קאָנסט ניט טרינקען?
שטעל אַװעק, זאָל שטײן.

די הײל־רוחות קומען און דרײען זיך אַרום זײ אין אַ בײנערנעם טאַנץ

הײל־רוחות

נאָכאַמאָל

און נאָכאַמאָל.
זיינען אַלע דריי שוין דאָ,
אויפגעמען די לעצטע שעה,
אויסער זיי איז מער נישטאָ
קיינער נישט,
קיינער נישט.

ליגט דער צלם אויף דער האַק,
און די קייטן אויפן זאַק;
בענטער, נענטער, באַק צו באַק,
אין דער מיט,
אין דער מיט.

רונד אַרום,
רונד אַרום.
נאָכאַמאָל און נאָך און נאָך.
מיר פאַרטאַנצן אייער בראָך;
ווער מיר זיינען, ווייסט איר דאָך. —
קיינער נישט,
קיינער נישט.

זיינען גוט באַוואַכט, באַהיט
אייערע געטויטע טריט,
זיצט געהאַלזטע זאַלבאַדריט
אין דער מיט,
אין דער מיט.

זייער טאַנץ ווערט שווינדלענדיקער און שווינדלענדיקער

אָ, דערלייזער, איר דערלייזער,
זייט דערלייזט!
הערט, מיר זיינען אויף אייך גוזר
מיט אַ האַנט ניט צו פאַרברעכן,
זיך אַן אויג נישט אויסצושטעכן
פון גרויס טרייסט.



ענדלעך זיך אַהער דערשלאָגן,
ענדלעך רוט;
אייער יאָך האָט איר דערטראָגן,
און וואָס קאָנט איר מער נאָך ברענגען! —
זיצט און קוקט, ווי מיר פאַרהענגען,
מיר צעגיסן, מיר צעטראָגן
טויטע בלוט.

אייער קעניגרייך פון דאַנען
איז געקרוינט;
מיר, ווי טרייע אונטערטאַנען,
רינגלען אייך אַרום אין מיטן
און פאַרווילן אייך און היטן
ניט באַלוינט.

נעמט, באַזאַלבט די קעפּ, דערלייזטע,
זיך אַליין.
בוקט זיך צו דער ערד, געגרויסטע,
דריקט ביז אָנמאַכט זיך די שלייפן,
ביז אַ פייער וועט פאַרלויפן
אייער קרוין...

הייל-רוחות אָפּ. עס קומען ארויף די אונטערערדיקע מיט די ניט דער-ברענטע ליכט אין די הענט, גייען ארום די דריי א קאַרעהאָד מיט דער זעלבער שטילקייט וואָס פריער

ערשטער

מיט אַן אויסגעלייטערט קול
זינגען מיר צום לעצטן מאָל

אויפגעשטאַנענע פון שלאָף
צו דערנענטערן דעם סוף.

זעט, זיי זיצן זאַלבאַדריט,
רירן זיך ניט, רעדן ניט.

ווער זיי זיינען, ווייסט איר דאָך —
זינגט דאָס ליד פון זייער בראָך.

### אַ ל ע

מער נישטאָ שוין וואָס צו זינגען.
ליגט דער קרייץ — נאָר ניט צום טראָגן.
ליגט די קיים — נאָר ניט צום קלינגען,
ליגט די האַק — נאָר ניט צום שלאָגן.

זינגען מיר דאָס ליד פון גאָרנישט.

מיר פאַרשליסן קיינעמס ברעמען, —
סיי ווי ווערן זיי פאַרשלאָסן;
קיינעמס טרערן מיר פאַרנעמען, —
סיי ווי ווערן זיי פאַרגאָסן.

זינגען מיר דאָס ליד פון גאָרנישט.

אונזער פוס אויף קיינעמס וועגן,
ניט מיר וועקן, ניט מיר טויטן;
נייט אונז קיינער ניט אַנטקעגן,
און אויך קיינער ניט באַגלייטן. —

זינגען מיר דאָס ליד פון גאָרנישט.

האָבן מיר נישט וואָס צו יאָגן,
דרייען זיך ווי שטיל מיר קענען,
און מיר טראָגן, טראָגן, טראָגן
ליכט, וואָס קאָנען שוין ניט ברענען. —

זינגען מיר דאָס ליד פון גאָרנישט.

### ערשטער

קיין געשריי און קיין געוויין, —
זיצן ווי געהאַקט פון שטיין.



פֿיטע ווערעם פויזען אום
אין דעם האַרץ פון זייער רום.

ניט דערפרייט און נאָר גענאַרט
דעם, וואָס האָט אויף זיי געוואַרט.

ניט באַלוינט און נאָר באשטראָפט
דעם, וואָס האָט אויף זיי געהאָפט.

נאָר אַן אויסרייד, נאָר אַ שפאַס
פאַר דעם לעצטן נאר פון גאַס.

### אַ ל ע

אַז זיי זיצן שטום געזונקען
פלאָנטען זיך ביי אונז די צינגער,
ערגעץ וואָלטן מיר געוואונקען —
גליווערן ביי אונז די פינגער.

זינגען מיר דאָס ליד פון אומזין.

אַלץ, וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען,
האָט שוין לאַנג זיך אויסגעלאָזן;
ווו אַ פוס איז ניט געגאַנגען
האָט דער ווינט שוין לאַנג פאַרבלאָזן, —

זינגען מיר דאָס ליד פון וואַנזין.

הענט, וואָס ברעכן זיך אין צאָרן,
בלייבן ווי געווען פאַרבראָכן;
ווייל דערפילט איז שוין געוואָרן
אַלץ, וואָס איז געווען פאַרשפּראָכן, —

זינגען מיר דאָס ליד פון אומזין. . .

### ערשטער

לאַנגזאַמער די טריט פאַרהאלט,
דאָס געזיכט אין זיך באַהאַלט.

קיינמאָל וועלן מיר שוין מער
קומען דרייען זיך אַהער.

איינגעהאַלטענער דעם קול,
ווייל דאָס איז דאָס לעצטע מאָל.

טוט אויף אַלע ליכט אַ שפּיי
און פאַרלאָזט די שטומע דריי...

**א ל ע**

שפּייען וועלן מיר ניט דאַרפן,
ווייל דער פלאַם אַליין פאַרגייט;
נעמען מיר און מיר צעוואַרפן
אויף די דריי דעם טויטן קנויט. —

גייען מיר צוריק אין קבר.

טרייסלט, טרייסלט אָפּ די פינגער,
מאַכט אַ שפּאַן און דרייט זיך אום,
גיט אַ צי צום האַלז די צינגער,
ווערט אויף עולם=ועד שטום, —

גייען מיר צוריק אין קבר.

די ליכט גייען אויס אין זייערע הענט. פינסטער. אַלץ פאַרשווינדט. שטלעכע רגעס גייען דורך. עס דערהערן זיך טריט און ס'באַווייזט זיך אַ שיין. מהר"ל איילט אַריין מיט דער לאַמטערן אין האַנט. גולם זיצט איינער אַליין און וואַכט איבער די צוויי פלאַשן. זיינע אויגן זיינען ברייט צעעפנט און זיין גאַנצער פּנים זעט אויס ווי וואַנזיניק. ער גיט נים קיין ריר מיט קיין אבר

**מ ה ר" ל**

דו זיצסט גאָר? ווײ, וואָס טוט זיך דאָ!
וואָס שווייגסטו?

דערזעט די פלאַשן

אויסגעפונען? גיכער טראָג עס אָפּ.
וואָס זיצסטו?



**ג ו ל ם**

קערט ניט אָפּ דעם קאָפּ. שטום

**מ ה ר" ל**

ענטפער, רעד.
וואָס איז געשען?

**ג ו ל ם**

ענטפערט נישט

**מ ה ר" ל**

דו זעסט ניט ווער עס רעדט צו דיר?

טרייסלט אים פאַר די אַקסלען

איך הייס דיר רעדן.
דערקענסט מיך נישט? ביסט שטום געוואָרן?

**ג ו ל ם**

טוט אַ קוק אויפן מהר"ל. לאָזט ווידער אַרונטער דעם קאָפּ

ווער ביסטו? גיי אַוועק.

**מ ה ר" ל**

דו ווייסט נישט ווער איך בין?

**ג ו ל ם**

איך ווייס נישט. גאָר נישט. לאָז מיך.

שפּרינגט אויף מיט אַ געשריי

ביסט ווידער דאָ מיך פּייניקן? אַוועק, אַוועק.

**מ ה ר" ל**

וואָס איז מיט דיר? ביסט שוואַרץ, צעברענט.
וואָס טוסטו ווידער?

**ג ו ל ם**

לאָזט זיך אַראָפּ צו דער ערד

לאָז מיך, לאָז מיך.
נישט רעד צו מיר. איך ווייס נישט. עפּעס האָט געברענט,

נעבילט, געשטורעמט און געטאַנצט
געזונגען און געשטאָרבן... נעם דאָס בלוט אַרעק!
נעם צו, נעם צו פון דאַנען...

## מהר״ל

נעמט אים פאַר אַ האַנט

באַרויק זיך. דערווץ מיך. קום צו זיך.

## גולם

זינקט אין זיין פאַרגליווערונג

## מהר״ל

דערקענסט מיך אַלץ נאָך נישט?

## גולם

ווער ביסטו?

## מהר״ל

איך, דער רבי.

## גולם

דער רבי? ווער איז דאָס אַזוינס דער רבי? ווילסט זיך זעצן?
מען טאָר נישט. גיי נישט צו צו מיר. נישט ריר מיך אָן.
דאָס אָרט איז אָפּגעצייכנט, אָפּגעצאַמט, אַרומגעדרייט
פאַר מיר אַליין און מער פאַר קיינעם.

## מהר״ל

אויב וואַנזין האָט אַזוי צעקרימט דיין פנים,
זאָל אָפּטאָן זיך פון דיר דער וואַנזין. הער, פאַרנעם,
דו שפּילסט זיך מיט דיין לעבן. האָסט דיין שליחות
נאָך נישט דערפירט צום סוף און שוין האָסטו
אין שרעק און משוגעת איינגעזונקען, אומגליקלעכער דו!
וואָס האָסטו מיט דיין ליכטיקייט געטאָן און מיט דיין פרייד?
ווי האָסטו זיי צעזייט, צעוואָרפן?



אַ פינסטערניש, אַ ווילדער שרעק אויף דיר, —
וואַך אויף, אויב דיינע אויגן זיינען בלינד געוואָרן,
גיי זוך מיט בלינדע אויגן, ברענג צוריק
די ליכטיקייט, וואָס איך האָב דיר געגעבן.
וואַך אויף!

## גולם

אָ, וועק מיך נישט. עס איז מיר גוט אַזוי.
איך וועל זיך לייגן און וועל ליגן. שוין. איך ליג שוין.

ליגט זיך און דרייט זיך אויף

## מהר״ל

איך הייס דיר אויפשטיין, זיין דער זעלביקער וואָס פריער,
זאָל אָפּטאָן זיך דאָס בלענדעניש פון דיינע אויגן,
און דאָס צעקרימעניש פון דיין געזיכט זאָל ווערן אויסגעגלייכט.

## גולם

אָ, ווער דו זאָלסט נישט זיין, נישט פייניק מיך.

## מהר״ל

גיי שנעלער, ענדיק דיין שליחות.

## גולם

וועלכע שליחות?
דו ביסט אַ פרעמדער דאָ, וואָס קאָן איך טאָן פאַר דיר?
דו זעסט, אָט דרייט זיך ווידער אַלץ אַרום...
אָט ווערט מיר גוט, אָט ווערט מיר ליכטיק... זע,
איך האָב שוין מער קיין מורא נישט... איך ווייס שוין אַלץ.
אָט שעפּט זיך אויס דער אָטעם פון מיין האַרץ. —

## מהר״ל

דיין שליחות מוזטו ענדיקן. דו מוזט.

גולם

ניט רוף מיך. לאָז מיך איבער דאָ. אויף אייביק.

מהר"ל

דיין שליחות מוזטו ענדיקן, דו מוזט.

גולם

אָ, שטילער זיי... אָט גייען זיי, אָט קומען זיי.
צו מיר אַליין...

מהר"ל

ווער קומט?

גולם

צי זעסטו נישט, צי הערסטו נישט?
זיי שטילער, שטילער, שטילער...

*שטעלט זיך פלוצלינג אויף, צעעפנט זיינע אויגן, פאַלט צו צום מהר"ל*

אָ, רבי, רבי. דו ביסט דאָ? אָ, רבי מיינער!...

# די לעצטע שליחות

אין פאַליש פון דער אַלטער שול. פרייטאָג צו נאַכט צו קבלת-שבת. דורך דער אַנטקעגנדיקער אָפענער טיר זעט מען אַ טייל פון דער שול: אָרון-קודש, הענגלייכטער און דעם אַנקומענדיקן שבתדיקן עולם. לינקס אַ טיר צום הויף. דער גולם ליגט אויף אַ באַנק. ער זעט אויס אָפּגעלאָזן, פאַרוואַקסן, אויסגעדאַרט און פאַרשלאָפן. איין פוס געשוכט, דער צווייטער באָרוועס. דער צווייטער שוך וואַלגערט זיך אויפן דיל

## ג ו ל ם

שפּרינגט אויף מיטן גאַנצן כּח, מאַכט צו די טיר פון שול. פאַלט צו צוריק אַף זיין געלעגער

## ש מ ש

קומט אַריין

נעהערט אַ זעץ! ווו מיינסטו ביסטו?
וואָס אַרט דיר, אַז די טיר איז אָפן?

## ג ו ל ם

אַז איך פאַרמאַך, זאָל זיין פאַרמאַכט. און זיי
זיי טוען נאָר און עפענען און עפענען.
פאַרמאַכט, זאָל זיין פאַרמאַכט.

## ש מ ש

געזען אַ ביסל — ער פאַרמאַכט! ווער ביסטו דאָ?
געהערט אַ העזה?

## ג ו ל ם

מורמלט

פאַרמאַכט זאָל זיין פאַרמאַכט, זאָל זיין פאַרמאַכט.

שמש

וואָס מורמלסטו ? רעד העכער.

גולם

זייער דאגה.

קערט זיך אום מיטן פנים צום וואַנט

שמש

און וויפיל איז דער שיער צו ליגן ?
שוין באַלד קבלת־שבת און דער רב
קומט אויך שוין באַלד, און דו האָסט נאָך
די שיך נישט אָנגעטאָן אפילו.

גולם

וועלכע שיך ?

שמש

וואָס מיינסטו וועלכע ? דיינע שיך, נישט מיינע.

גולם

איך טראָג דאָך איינעם, זעפט נישט ?

שמש

אומזיסטע רייד מיט דיר, אומזיסטע רייד.

גולם

דערלאַנג מיר, וועל איך אָנטאָן.

שמש

דערלאַנגען דיר ?

גולם

דו ווילסט נישט, דאַרף מען נישט. אַוועק פון מיר.



שמש

מען טאָר נישט אומגיין באָרוועס אין אַ שול.

גולם

שווייגט

שמש

דו הערסט נישט, וואָס מען רעדט צו דיר ? ביסט טויב ?
מען דאַוונט דאָך שוין באַלד.

גולם

איך קען נישט דאַוונען –

שמש

ביסט ווילד, מען דאַרף דיך דורכטרייבן פון דאַנען.

גולם

דער רב איז נאָך נישטאָ ? נישטאָ ?

שמש

וואָס איז ?

גולם

אַזוי. גיי זאָג אים, אַז איך רוף אים.
גיי, זאָג, ער זאָל מיר צוטראָגן דעם שוך.

שמש

דעם שוך ? דער רב ?

גולם

וואָס פרעגסטו איבער ? הערסט נישט ?

שפרינגט אויף

גיי, זאָג, איך רוף אים. יאָסל רופט אים.

שמש

אַזאַ מין העזה ; האָסט געהערט. משוגענער.

**ג ו ל ם**

איך זאָג דאָך: גיי.

*האַרפּט זיך צו אים*

**ש מ ש**

*לויפט צום טיר*

איר הערט, יידן, יידן!

**ג ו ל ם**

*פאַלט צו צוריק אויף זיין געלעגער*

**ש מ ש**

*ביים טיר*

דער מענטש איז נישט ביים זינען. אַנדערש נישט.
די גאַנצע צייט געוואַלגערט זיך אין פינפער־טורעם,
געזאָלט אַ העקער זיין, אַ וואַסער־טרעגער;
אַז אָך און וויי שוין, ווען איך וואָלט באַדאַרפט
אויף זיינע האָלץ און וואַסער וואַרטן. איצטער נאָך
אין פּאָלוש אים אַריינגעזעצט, אַ באַנק בעגעבן,
און עסן, טרינקען, אָפּגעהיט; און ער — ווי גאָר נישט,
דאָס שלאָפט ער אָן אַן אויפהער צוויי מעת לעת,
און אָט שוין דריטע נאַכט ער מאַכט נישט צו קיין אויג.
אַ מורא כ'לעבן.

**ג ו ל ם**

היינט וועל איך נישט שרייען,
כ'וועל שטיל זיין.

**ש מ ש**

וועסט שטיל זיין? יאָ, האָסט נעכטן אויך געזאָגט,
און דאָך אַ גאַנצע נאַכט געדעוועט, נישט געלאָזט
קיין אויג פאַרמאַכן קיינעם. פול דער הויף געווען.



**ג ו ל ם**

כ'וועל שטיל זיין היינט. כ'וועל שטיל זיין.

**ש מ ש**

נעם וואַש זיך בעסער איין, טו אָן די שיך.
דאָך שבת אויף דער וועלט, און וואָס נאָך פאַר אַ שבת!

**ג ו ל ם**

אַוועק פון מיר.

**ש מ ש**

צי האָסטו נישט געהערט פון גרויסן נס?

**ג ו ל ם**

פון וועלכן נס? פון וועלכן נס? אָ, לאָז מיך.

*ציט זיך אויס מיטן פּנים אַרונטער און ליגט*

**ש מ ש**

משוגע אויף אַן אמת.

*עפנט די טיר אַרויסצוגיין*

**ג ו ל ם**

*רופט*

שיק דעם רב אַהער. ר' לויך שיק.

**ש מ ש**

שטיי אויף און קום אין שול אַריין. וואַש אָפּ דאָס פּנים.

**ג ו ל ם**

אַז ער וועט קומען וועל איך אויפשטיין, וועל זיך איינוואַשן,
אַז ער וועט קומען.

**ש מ ש**

האָסט געהערט אַזוינס?

גולם

אַ גאַנצע וואָך, אַז איך בין דאָ, און ער איז נאָך
קיין איינמאָל נישט געקומען זען מיך.

שמש

ער צו דיר זאָל קומען?

גולם

אַוועקגעוואָרפן האָט ער מיך, אַוועקגעוואָרפן,
אַריינגעזעצט אַהער און קומט נישט.
און איך האָב זיך אַזוי בײַ אים געבעטן:
נישט פיר מיך פון דער הייל אַרויס און פון דער פינסטערניש.

שמש

פון וועלכער הייל?

גולם

דו ווייסט נישט? יענע הייל.

שמש

איך ווייס נישט, וואָס דו רעדסט.

גולם

איך טאָר נישט אויסזאָגן, דערציילן, שטום בין איך,
אַוועק פון מיר. איך טאָר נישט רעדן. שטום בין איך.

שמש אָפּ אין שול. לאָזט אָפן די טיר. יידן רוקן אַריין די קעפּ, קוקן אַריין און פאַרשווינדן. דער הויכער און דער רויטער קומען אַריין, שטייען בײַם טיר

הויכער

איך זאָג דיר – ער, איז ער. דער זעלבער יאָסל.

רויטער

דערמאָן אים נישט בײַם נאָמען, שאַ.



הויכער

עס מאַכט נישט. זעסט? ער גיט זיך נישט קיין קער אפילו.

רויטער

געדענקסט, ווי דאָרט פלעגט ער אַריינשפּרינגען
ווי נאָר מען פלעגט אַרויסרעדן זיין נאָמען?

הויכער

צי איך געדענק? אודאי.

רויטער

וואָס, ער שלאָפט?
ער קאָן נאָך באַלד אַ שפּרונג טאָן.

הויכער

מען זאָגט, ער שלאָפט אַ גאַנץ מעת לעת אָן אויפהער.

רויטער

געדענק מיין וואָרט: ס'איז עפּעס דאָ פאַראַנען.
איך זאָג דיר נאָכאַמאָל: אַ סוד איז דאָ, אַ סוד.

הויכער

אַ סוד? אַ מענטש אַ גולם, ווייטער גאָרנישט.

רויטער

געדענקסט די צוויי די וואַנדערנדע בעטלער?

הויכער

צי איך געדענק!

רויטער

און זייער שרעק פאַר אים.
ווי נאָר זיי האָבן אים דערזע' – קיין וואָרט נישט מער,
צרויסגעלאָפן ווי פאַרכאַפּטע.

הויכער

יעדער קאָן וויסן ?
דער רב אַליין האָט דאָך געהייסן זיי אַוועקגיין.
מסתמא האָט דער רב זיי שוין געקענט פון פריער
און נישט געוואָלט זיי זאָלן בלייבן דאָ אין פראָג.

רויטער

דו ווייסט, וואָס איך וועל דיר דערציילן ? –
טאַדעושן האָט ער געשלאָגן, ער –

הויכער

ער ?
ער איז מיט אונז צוזאַמען דאָך אַרויס פון טורעם.

רויטער

איך זאַג דיר ער, – איז ער.

הויכער

פון וואַנען ווייסטו ?

רויטער

איך ווייס. ווייל יענע נאַכט האָט מיר
די אויגן אויפגעעפנט. וואָס און ווער – איך ווייס נישט
איך ווייס נאָר: עפעס האָט זיך אָפגעשפּילט אין פראָג.
ווען אַלע זײַנען מיר, אַרויסגעטריבענע, געגאַנגען
פון פינפער-טורעם מיט די טאָרבעס אויף די פּלייצעס,
געגאַנגען שטום, געדענקסט, גאַס איין, גאַס אויס,
און נישט געוווסט אין וועמענס טיר אַ קלאַפּ טאָן, –
און ער אַהינטער אונז – אַ ריזיקער, אַ שווערער,
מיט ליידיקן, די הענט אַראָפּגעהאַנגענע אַרונטער,
די פיס – ווי האַמערס צוויי... אָט דאָ אין האַרץ
האָט מיר געזעצט אַ יעדער טראָט פון זיינע פיס...



און ווען מיר האָבן פּלוצלינג זיך אַרומגעקוקט
און אים דערזען אַן אָפּגעשטאַנענעם פון אונז, –
ער שטייט אין מיטן גאַס און רירט זיך נישט פון אָרט.
געדענקסט ?

הויכער

ס'איז גוט געווען, וואָס ער איז אָפּגעשטאַנען.

רויטער

און קיינעם איז נישט איינגעפאַלן גאָר צו רופן אים,
מיר דאַכט, ער שטייט נאָך איצט אַזוי אַן אָפּגעשטאַנענער
אין מיטן גאַס, די הענט אַראָפּגעהאַנגענע אַרונטער,
און הערט און זעט, ווי עפעס שפּילט זיך אָפּ אין פראָג...

הויכער

אַ נאַכט געווען, אַ נאַכט.

רויטער

און ער איז דאָך צוריק אַוועק אין פינפער-טורעם,
און דאָרט פאַרבליבן, ווייסטו ?

הויכער

יאָ, מען זאָגט אַזוי.

שמש קומט אריין

שמש

מען דאַוונט באַלד. דער רב איז שוין געקומען.

גולם

ווי ער איז געלעגן די גאַנצע צייט מיטן פּנים צום וואַנט, שפּרינגט אויף
געקומען שוין ? געקומען ?

שמש

יאָ, וואָס איז?

הויכער

דערשראָקן

אַ שרעק צו קוקן.
ס'איז גאָרנישט ער. אַן אַנדערער געוואָרן.

רויטער

אויסגעדאַרט, פאַרוואַקסן.
ער זעט אונז נישט, צי ער דערקענט נישט.

גולם

איך דאַרף זיך אָנטאָן, גיכער! מיינע שיך!

געפינט דעם שוך, נעמט אָנטאָן און טוט אים צוריק אַ שלײַדער

אַהערצו זאָל ער קומען – וועל איך אָנטאָן.
גיי שיק אים מיר, איך וואַרט.

שמש

איר הערט אַ משוגעת?

רויטער

און אפשר דאַרף ער אים? ווער ווייסט?

גולם

איך וויל אים זען.

רויטער

אין שול אַרייַנגיין האָט איר מורא?

גולם

אַז ער האָט מיר געהייסן דאָ זיין שטענדיק,
אַרייַנגעשפּאַרט צוהער און וויל נישט קומען.

זיצט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ



הויכער

מסתמא האָט איר עפּעס שלעכטס געטאָן.

גולם

ברומט עפּעס אויס

רויטער

דערלאַנגען אייך דעם שוך?

גולם

אַוועקט פון דאַנען.

רויטער

מיר זיינען דאָך אין שול און נישט אין טורעם.

גולם

שטעלט זיך אויף. די אויגן געווענדעט צום רויטן

אין טורעם?

הויכער

די זעלבע אויגן, זעסט נישט? קום אַוועק.

רויטער

אָט שטייט ער ווידער, ווי אין גאַס דאָרט,
די הענט אַראָפּגעהאַנגענע אַרונטער, שטייט און הערט,
ווי עפּעס שפּילט זיך אָפּ אין פּראָג...

שמש

וואָס רייצט איר זיך מיט אים?

רויטער

איך רייץ זיך נישט. איך וויל אים נאָר דערציילן:
דער טורעם שטייט שוין לער אינגאַנצן.

**גולם**

לער?

**רויטער**

און אַלע טירן זיינען צוגעקלאַפּט מיט ברעטער.
און אויך די פענסטער.

**גולם**

וועל איך זיי צוריק פאַנאַנדערעפענען.

**רויטער**

וועט עמעצער זיי נאָכאַמאָל פאַרקלאַפּן.
אַז שלאָפן שלאָפט דאָרט קיינער סיי ווי סיי נישט.

**גולם**

איך גיי צוריק אַהין. איך וויל נישט זיין דאָ.

**רויטער**

ווער לאָזט אייך נישט?

**גולם**

דער רבי לאָזט נישט.

*מיט קולות*

גיים שיקט דעם רבין!

*קלאַפּט אין וואַנט*

שיקט דעם רבין!
און איר, וואָס דאַרפט איר דאָ? ווער זיינט איר?

*מיט אַמאָל*

פון דאָרט געקומען? צוגעקלאַפּט די טירן און אַוועק?
געלאָזט אַליין דעם פינפער=טורעם, האַ? געלאָזט אַליין?
און דער, וואָס זיצט דאָרטן און וואַרט אויף מיר,
קאָן קיינמאָל נישט אַרויסגיין שוין אַנטקעגן מיר.



**רויטער**

ווער וואַרט דאָרטן אויף אייך?

**גולם**

וואָס מיינסטו — ווער?
אַז איך בין דאָ, איז ע ר דאָרט איין-אַליין.
איך הער די גאַנצע צייט ער רופט מיך קומען,
ער רופט מיך מיט אַ שטיקנדיקן קול,
אַזוי ווי עמעצער וואָלט אים ביים האַלז געוואָרגן.
איך ווייס שוין איצט: די טירן זיינען צוגעקלאַפּט.
אַוועקט פון מיר! אַרויס פון דאַנען!

*וואַרפט זיך צו זיי שלאָגן. אין דעם קומט אַריין מהר״ל*

**מהר״ל**

נישט הויב קיין האַנט!

**גולם**

*דרייט זיך צוזאַמען. ער שפּירט אויף זיך מהר״לס בליקן און בויגט אַרונטער דעם קאָפּ. פּלוצלינג — מיט פרייד*

אָ, רבי.

**מהר״ל**

אויף וועמען הויבסטו דיינע הענט?

**גולם**

*שטאַמלט*

אָ, זיי מיר מוחל, רבי.

**מהר״ל**

*צו די יידן*

גייט אין שול אַריין.

*די יידן אָפּ*

מהר"ל

דער שמש זאָגט — דו ווילסט מיך זען.

גולם

שווייגט

מהר"ל

יואָס שווייגסטו? רעד. דו ווילסט עפּעס?

גולם

וואָס זאָל איך ווע̇לן?

מהר"ל

האָסט דאָך מיך גערופן.
און — באָרוועס גאָר!

גולם

דו ווילסט, איך זאָל זיך אָנטאָן, רבי?

מהר"ל

צי איך וויל?

גולם

אַז דו האָסט מיך פֿאַרלאָזט.

מהר"ל

אַזוי פֿאַרוואַקסן, חשך, נישט אַרומגעוואַשן.
דער שמש זאָגט — דו שלאָפסט נישט גאַנצע נעכט.

גולם

איך קאָן נישט שלאָפן. איך האָב מורא.

מהר"ל

פֿאַר וועמען



גולם

אַ גאַנצע נאַכט האָט נעכטן מיך געשראָקן
מיין רעכטער אַקסל.

מהר"ל

פֿאַר וואָס דער רעכטער?

גולם

איך ווייס נישט, רבי. אָט האָב איך מיט ביידע אויגן
זיך אָפּגעקערט צום לינקן אַקסל; מיט אַמאָל
איך זע, דער רעכטער נעמט זיך הויבן, הויבן,
וואַקסט אויס און קריכט אַריבער אויף דער צווייטער זייט.
איך פֿאַל אַנידער מיטן פּנים צו דער ערד,
באַהאַלט די אויגן, ליג. און ווידער הער איך
ווי עמעץ טוט אַ ריס דעם קאָפּ מיר פֿון דער ערד,
און צווינגט מיך ווידער קוקן אויפֿן אַקסל.

מהר"ל

און וואָס דערנאָך?

גולם

איך זע, איך קאָן זיך נישט באַהאַלטן.
מיין אַקסל פּלוצלינג נעמט און רייסט זיך אָפּ
און ווערט אַ לאַנגע האַנט פֿון דאַנען ביזן טורעם.
די פֿינגער, אויסגעבויגענע, פֿאַרוואַרפֿן זיך אַרום מיין האַלז,
ווי עמעצער וואָלט וועלן מיך אַרומנעמען און קושן.
אָט ציט זיך אויס די האַנט און נעמט מיך רופֿן,
און אַלע פֿינגער ווינקען, ברעכן זיך און קנאַקן,
און וויינען נעמען אַלע פֿינגער, יאָמערן,
און דער געוויין איז לאַנג פֿון דאַנען ביזן טורעם...

מהר"ל

און דו האָסט נאָך געוואָלט דאָרט איבערבלייבן. —

גולם

אַז דו האָסט דאָך געוואָלט זיין ווייט פון מיר.

מהר"ל

פון וואַנען ווייסטו ?

גולם

דו דאַרפסט מיך מער נישט האָבן

מהר"ל

פון וואַנען ווייסטו דאָס ?

גולם

איך האָב שוין אַלע דיינע שליחות אָפּגעטאָן.

מהר"ל

דו ווייסט, אַז אַלע ?

גולם

דו רופסט מיך מער אין ערגעץ נישט און קומסט נישט.
זיי דאָ מיט מיר.

מהר"ל

אָט בין איך דאָ.

גולם

זיי אַלע מאָל מיט מיר. נישט גיי צו זיי —

מהר"ל

צי ווייסטו וואָס די ליפּן דיינע רעדן ?

גולם

שפּרינגט אויף

איך ווייס.



מהר"ל

וואָס שפּרינגסטו ? שטיי !

גולם

דו פייניקסט מיך, פאַרוואָס ?

מהר"ל

איך האָב דיך פריי געלאָזט, געזאָגט דיר: גיי
וווהין דו ווילסט.

גולם

און איינגעשפּאַרט מיך דאָ.

מהר"ל

אַז איך האָב דיר ערלויבט צו גיין, ביסטו פונדעסטוועגן
געבליבן שטיין.

גולם

וווהין האָב איך געזאָלט אַוועקגיין ?
אַז דו האַלסט פעסט אין דיינע הענט מיין לעבן...

מהר"ל

פון וואַנען ווייסטו דאָס ?

גולם

איך ווייס שוין אַלץ.
דיין האַנט איז איבער מיר, נאָר דו ביסט נישט מיט מיר.

מהר"ל

דו ווייסט, און וואָס דו ווייסט צעטומלט דיך,
פאַרפלאָנטערט דיך נאָך מער, אָנשטאָט צו פרייען זיך –

גולם

אַז דו ביסט נישט מיט מיר.

### מהר"ל

ווי זאָל איך זיין מיט דיר?

### גולם

אָט דאָ אין פּאַליש זיי מיט מיר אויף אַלע מאָל.
איך וועל די באַנק דיר אָפּגעבן צו שלאָפן,
און איך אַליין וועל ליגן אויפן דיל צופוסן דיר.

### מהר"ל

אַזוי פיל אומרו אין דיין האַרץ, אַזוי פיל שנאה;
אַזוי פיל שוואַרצע תאוה, קאַלטע בייזקייט
און אומבאַהאָלפנקייט אין דיינע אָדערן פליסט אום...
זאָלסט שולדיק זיין אין דעם? קיין מוטערס אָטעם
האָט נישט געשפּרייט זיך איבער דיר אין קינדער־יאָרן,
קיין מלאכס פליגל האָט נישט אָנגערירט דיין וויג...
און איך האָב שוין געמיינט — דו וועסט זיך ראַטעווען,
וועסט רו געפינען, אָנהויבן ווי אַלע לעבן,
ווי יידן לעבן.

### גולם

רבי, רבי.

### מהר"ל

דו קאָנסט פון דיין פאַרלאָרנקייט זיך נישט באַפרייען
און איבער קיין זאַך קאָנסטו נישט דערהויבן זיך,
און אויך נישט — איבער זיך אַליין. וואָס איז פון דעם,
וואָס עפּעס האָסטו יאָ באַגריפן, יאָ פאַרנומען,
אַז אַלץ, וואָס האָט זיך פאַר דיין אויג אַנטפּלעקט,
האָט אויף אַ האָר דיין לעבן נישט געלייטערט, נישט געשטילט
דיין אומרו, אויף דיין מויל קיין שמייכל נישט געבאָרן...
די גאַנצע וועלט זאָל איך אַוועקוואַרפן, פאַרלאָזן
און בלייבן דאָ מיט דיר, — און וואָס וועט דעמאָלט זיין?



### גולם

מיין אומרו וועט אַוועק פון מיר.

### מהר"ל

דיין אומרו איז דיין מזל. האָסט אַליין,
דערזעענדיק צום ערשטן מאָל גאָטס וועלט,
מיט דיינע הענט דיין מזל אָנגעצייכנט:
עס האָט דיין מויל קיין שמייכל נישט געגעבן...
איז ווייניק, וואָס דו גייסט אַרום האַלב באָרוועס
און האַלב געשוכט און הערסט ווי יידן דאַוונען?
איז ווייניק דאָס פאַר דיר?

### גולם

שטייט מיט פאַרדעקטן געזיכט

### מהר"ל

עס איז דיר שלעכט. איך ווייס. פּרוּוו איין מאָל, צוויי מאָל
אַריינגיין גלייך מיט אַלעמען אין שול און צוהערן,
פאַרנעמען... איך האָב דיר געהייסן שטיל זיין,
זיך האַלטן פון דער זייט, נאָר נישט ד ע ר ו ו י י ט ע ר ט;
און דו, ווי נאָר דו האָסט פאַר מענטשן זיך באַוויזן,
אַזוי אַ שטעל געטאָן די פּיס האָסטו, אַזוי אַ קוק געטאָן,
אַז אַלע זיינען זיך אין שרעק צעלאָפן... —
ווי אַלץ וואָלט זיך צו דיר דערנענטערט, ווען דיין מויל
וואָלט געבן נאָר איין שמייכל...

### גולם

שטייט געקלעמט

### מהר"ל

וואָס שווייגסטו?

### גולם

פאַרלאָז מיך נישט.

מהר״ל

אַן עדה יידן שטייט און וואַרט אויף מיר,
אין איך זאָל זיך אַוועקזעצן מיט דיר.

גולם

טאָ לאָז מיך גיין צוריק אין פינפער-טורעם.

מהר״ל

דער פינפער-טורעם איז פאַרשלאָסן.

גולם

אויף אַלע מאָל!

מהר״ל

אויף אַלע מאָל.

נעמט גיין אין שול אַריין

גולם

נישט גיי אַוועק פון מיר.

כאַפּט אָן דעם מהר״ל פאַר אַ האַנט

מהר״ל

זיי שטיל, גענוג.

גולם

אויפּפאָדערנדיק

איך זאָג: פאַרבלייב!

מהר״ל

אַזוי גאָר, דו באַפעלסט?

גולם

איך באַפעל.



מהר״ל

מיט דיינע ליפּן רעדסטו דאָס?

גולם

מיט מיינע.

מהר״ל

אַזוי? מיט דיינע?

גולם

מיט מיינע, יאָ! דו זעסט די האַנט —
די האַנט איז אויכעט מיינע!

פאַרמעסט זיך מיטן פויסט איבער מהר״לס קאָפּ

מהר״ל

טוט נישט קיין ציטער. ער דרינגט נאָר דורך דעם גולם מיט די אויגן. דער גולם, ווי ער האָט זיך פאַרמאָסטן מיט זיין האַנט, בלייבט אַזוי ווי פאַרגליווערט מיט דער אויפגעהויבענער האַנט אין דער לופטן

מהר״ל

וואָס שטייסטו? קאָנסט די האַנט אַרונטערלאָזן שוין...

גייט אַריין אין שול, פאַרמאַכנדיק די טיר אַהינטער זיך

גולם

לאָזט זיך אַרונטער צום דיל, פאַלט אַנידער, אַרומכאַפּנדיק דעם קאָפּ. ער נעמט פון זיך רייסן די קליידער, די האָר. ציט זיך אויס מיטן פנים אַראָפּ, פאַרגייט זיך אין אַ פאַרשטיקטן יאָמער.

שטיל. דורכן טיר הערט זיך ווי מען דאַוונט קבלת שבת. די ליכט אויפן קליינעם עמוד פון פּאָליש שפּריצן און וויגן זיך אין אַלע זייטן. דער גולם הויבט זיך אויף פון דער ערד, קריכט צו אויף אַלע פיר צו זיין געלעגער און טוט זיך אַ וואַרף אויף אים. פון צייט צו צייט גיט זיך אָן עפן די טיר, עס קוקן אַריין קעפּ און פאַרשווינדן צוריק. דער גולם שטעלט זיך אויף, כאַפּט דעם שוך, וויל אָנטאָן, זיינע הענט אָבער ציטערן. ער וואַרפט אַוועק צוריק דעם שוך. ער געפינט שטיקלעך ברויט און נעמט קייען. עסט און קרימט זיך. טרינקט וואַסער און שפּריצט זיך דאָס פּנים

מיט אַמאָל כאַפּט ער אַר׳יס אַ האַק פון אונטערן צוקאַפּנס, די האַק מיט וועלכער ער פלעגט שפאַלטן האָלץ, שטעלט זיך אויף לעבן טיר, עפנט זי ביסלעכווייז און קוקט אַריין אין שול. עפנט און פאַרמאַכט. קענטיק, אַז ער האָט פאַרטראַכט עפּעס שרעקלעכס. האַלט אויסגעשטרעקט די האַק אין דער הויך. פּלוצלינג שפּרינגט ער אָפּ פון טיר צום פענסטער צו, טוט אַ זעץ מיט דער האַק אין די שויבן, שפּרינגט אַרויס דורכן פענסטער אין גאַס אַריין.

קלאָר הערט זיך יעצט יעדעס וואָרט פון חזן. ער הויבט אָן זאָגן „מזמור שיר ליום השבת״, און דער עולם פאָלגט אים נאָך, — ווי מיט אַמאָל דערהערן זיך פון גאַס געוואַלדיקע געשרייען, געוויינען פון פרויען און קינדער. אַ קנאַקעריי פון שויבן און איינגעפאַלענע ווענט. דער גאַנצער עולם פון שול נעמט לויפן אין אַ שרעקלעכער מהומה, מען לויפט אַריין אין פּאָליש. קיינער ווייסט נישט, וואָס עס האָט פּאַסירט. דער גאַנצער עולם לאָזט זיך אַרויס אין גאַס

## מהר״ל

לויפט אַריין טויט-בלאַס, גיט אַ קלאַפּ מיט די הענט

נישטאָ אים, נישטאָ אים.

ווײַל זיך לאָזן צום גאַס, ערשט מען לויפט אים אַנטקעגן. יידן, יידענעס, קינדער, אַלע ברעכן מיט די הענט און וויינען

## מהר״ל

וואָס איז געשען? גיכער!

## אַלע

— דער משרת! דער גולם... מיט אַ האַק.
— שוין צווייען איבערן קאָפּ געטראָפן.
— ער מאַכט חרוב פּראָג!
— ער שליידערט הייזער!

אַלע נאָכן מהר״ל אָפּ. די טירן אָפן. מען הערט דאָס געלויפעריי און געשרייען

## תנחום

מיט אַ צעבלוטיקטן קאָפּ לויפט אַריין, נאָך אים יידן. כאַפּן אים פאַר די הענט און פירן אים אין שול אַריין

## תנחום

ווער וועט ראַטעווען, האַ?
מײַן קאָפּ! מײַן קאָפּ!



לויפן אין שול אַריין. די מהומה פון גאַס דערנענטערט זיך אַלץ מער. מהר״ל פירט אַריין דעם גולם פאַרן האַנט, אין וועלכער ער, דער גולם, האַלט אַ פאַר-בלוטיקטע האַק. דער עולם רײַסט זיך אַריין, וואַרפט זיך צום גולם. פרויען וויינען. מהר״ל, מיט איין האַנט האַלט ער דעם גולם, מיט דער צווייטער באַשיצט ער אים פון דעם עולם

## מהר״ל

אין שול אַריין גייט אַלע. איך הייס אייך.

## עולם

— פאַרגאָסן בלוט.
— יידיש בלוט.
— פאַרשטיינט אים!

## מהר״ל

איך הייס אייך אַלעמען אין שול אַרייַנגיין.

דער עולם גייט אַריין אין שול. מהר״ל מאַכט צו ביידע טירן. דער גולם שטייט מיטן חדר. די האַק איז אין זײַן האַנט ווי פאַרגליווערט געוואָרן, אַרונטערגעלאָזט זיך אַרונטער

## מהר״ל

אָ, וואָס האָסטו געטאָן? צי ווייסטו? זאָג.

## גולם

פאַרגאָסן בלוט.

## מהר״ל

צי ווייסטו וועמענס בלוט דו האָסט פאַרגאָסן?

## גולם

יידיש בלוט.

## מהר״ל

פאַלט צו מיטן פנים צום עמוד, ווו עס ברענען די שבת-ליכט

אויף מײַן קאָפּ פאַלט דאָס בלוט. אויף מײַן קאָפּ...

בעקומען ראַטעווען און איצט אַליין פאַרגאָסן.
איז דאָס אַ שטראָף פאַר אונזער פרייד, רבונו עולם?
איז דאָס דיין שטראָף פאַר וועלן ראַטעווען זיך?
צי האָסטו נישט באַוויליקט?
צי איז דאָס אַלץ געטאָן געוואָרן נישט דורך דיר?
פאַרוואָס אַזאַ שטראָף?...

שטיל־שווייגן

## מהר"ל

צי האָסטו נאָר געוואָלט מיך אויספּרווון
און אויפגעדעקט פאַר מיר דאָס איבערמענטשלעכץ,
געלאָזן מיר אַ שעפער זיין, געוועלטיקן, באַפעלן,
כדי צו זען צום סוף מיין נישטיקייט, מיין גרויסע זינד?
און מערער נאָך — מיין זינד אַנטקעגן אַלע יידן?
וואָס איך האָב אין מיין אומגעדולד, אין מיין פאַרצווייפלונג
געוואָלט זיך אָפּקערן פון יענע וועגן פון דיין פאָלק,
יאָס זיינען שטיל, געדולדיק, פול בטחון, אייביק?...
מיין זינד פאַר וועלן אָפּנעמען ביים פיינט דאָס זייניקע;
דער פיינט האָט אויפגעמאָנט...
איך האָב געוואָלט פאַרמיידן בלוט און בלוט פאַרגאָסן...

פויזע

און אויף דער האַק האָב איך אינגאַנצן זיך פאַרגעסן. —
וואָס שטייסטו, קוקסט? — די האַק איז דיר צוניץ געקומען:
אָט בויג איך מיין קאָפּ אויך אַרונטער, — שפּאַלט,
באַנעץ זי אויך מיט מיין בלוט.

## גולם

רבי.

## מהר"ל

אָ, שטילער! זאָגסט נאָך רבי — גולם דו!

## גולם

רבי.



## מהר"ל

ווי גרויס און ווי גערעכטיק איז דיין שטראָף...
און ער — ער קאָן אפילו שולדיק דאָך נישט זיין;
ער האָט צוויי גרויסע פויסטן — הויבט ער זיי...
האָסט אויפגעעפנט מיר די אויגן צו דערזען,
ווי כ'האָב קיין שליטה נישט אויף גרויסע פויסטן...
אָ, וואָס וועט איצטער זיין!

## גולם

וועסט זיין מיט מיר.

## מהר"ל

געכאַפּט פון דיינע גרויסע פויסטן.

## גולם

וועסט זיין מיט מיר.

## מהר"ל

אינם נעץ פון בלוט און נישט געלייטערטן שגעון.
און זאָל איך דיך פאַרלאָזן —

## גולם

וועל איך ווידער —

## מהר"ל

האָסט אויסגערעכנט, אויסגערעכנט גוט.

## גולם

דורך בענקעניש.

## מהר"ל

אַזוי? דורך בענקעניש? געפאַנגען מיך,
פון אַלע יידן, פון דער גאַנצער וועלט מיך אָפּגענומען!

איצט וועל איך שוין קיין טראָט נישט קאָנען טאָן אָן דיר.
וועל זיצן דאָ, וועל שלאָפן דאָ... אַ גוטער איינפאַל.

### גולם

מיט פרייד

וועסט זיין מיט מיר אויף אַלע מאָל ?
שוין נישט פאַרלאָזן מיך ? וואָס קוקסטו בייז אַזוי ?
וואָס האָב איך שלעכטס געטאָן דיר ?.. זעץ זיך, רבי.
צי אפשר ווילסט זיך צושפּאַרן — ביסט מיד.
ס'וועט קיינער נישט אַריינקומען אַהער.

### מהר"ל

ס'וועט קיינער נישט אַריינקומען אַהער. און דאָרט —
אַ גאַנצע עדה שטייט און וואַרט.

זעצט זיך אויפן באַנק, נעמט אַרום דעם קאָפּ, לאָזט אים אַרונטער מידערהייט.
גולם שטייט לעבן אים אַ דאַנקבאַרער, אַ צופרידענער

### גולם

ווערסט נישט אַוועקגיין, רבי ?

### מהר"ל

מיט דיר, מיט דיר. כ'וועל נישט אַוועקגיין.
כ'וועל דאָ זיין. שלאָפן דאָ און עסן דאָ...
מיט איין געשוכטן פּוס און נישט געוואַשן פּנים...
און דאָרט וועט שטיין דער עולם און וועט וואַרטן...
אין מיטן מזמור שיר ליום השבת...
און איך וועל נישט אַרויסקומען צום עולם...

### גולם

וואָס רעדסטו, רבי ? זע, דו פאַלסט באַלד.
וואָס איז דיר, רבי ?



### מהר"ל

עס וועט זיי נמאס ווערן וואַרטן — וועלן זיי
אַליין דאָס דאַווענען ענדיקן, אַהיים אַוועקגיין.
און איך וועל בלייבן דאָ מיט דיר, מיט דיר...
אָט וועלן באַלד די ליכט זיך אויסלעשן,
וועט ווערן פינסטער, גאָר נישט ווי אום שבת...
וואָס זאָגסטו, יאָסל ? זאָגסט עפּעס ?

### גולם

איך שווייג דאָך, רבי.

### מהר"ל

דו שווייגסט ? און מיר האָט זיך געדאַכט דו זאָגסט עפּעס...
וועט ווערן פינסטער — וועלן מיר צוזאַמען
אַזוי אָ זיצן. דו — מיט דיין פאַרבלוטיקט האַק,
און איך — —

זינקט אַרונטער נישט פאַרענדיקנדיק זיינע ווערטער. פון שול דערטראָגט זיך אַ טומל. עמעצער רייסט זיך צום טיר. די טיר רייסט זיך אויף און עס לויפט אַריין דבורהל. עמעצער פון שול פאַרמאַכט די טיר צוריק

### דבורהל

זיידע, זיידע.

וויינט

### גולם

מיט פרייד

אָ, רבי, זע, דבורהל !

### מהר"ל

הויבט קוים אויף דעם קאָפּ

וואָס איז דיר, טאָכטער ?

### דבורהל

ב'האָב מורא. קום אַרויס פון דאַנען, זיידע.
די באָבע וויינט און אַלע וויינען; קום אַרויס, —
וואָס איז דיר, זיידע?

### גולם

דער רבי בלייבט מיט מיר... נישט וויין. ביסט אויך געקומען?
וועסט אויך פאַרבלייבן, דבורהל? בלייב, בלייב.

### דבורהל

וואָס רעדט ער? זיידע, ענטפער.

### מהר"ל

נישט וויין, מיין טאָכטער.

### גולם

וואָס גייסטו נישט צו צו מיר? וואָס האָסטו מורא, דבורהל?

### דבורהל

וואָס רעדט ער? זיידע.

*פאַלט אַרום האַלז דעם מהר"ל*

### מהר"ל

ב'בין מיד... איך רו... נישט וויין...

### דבורהל

*שפּרינגט צו צום גולם*

רוצח!

### גולם

*כאַפּט דבורהלען פאַרן האַנט*

מען דאַרף נישט שרייען. שרעק זיך נישט. דער רבי רוט.



נישט וועק אים... וויין נישט; זעסט, איך טו דיר גאָרנישט.
וועסט דאָ פאַרבלייבן, יאָ?

### דבורהל

*רייסט די האַנט פון אים*

נישט ריר מיך אָן, נישט ריר מיך אָן. אַוועק.

### גולם

נישט שריי. דער רבי שרייט דאָך אויך נישט...
און מיר איז גוט, און מיר איז פרייליך...
ווי שמעקנדיק דיין קאָפּ איז, דבורהל, דיינע האָר,
און דיינע הענט אַזוינע וואַרעמע... וואָס רייסטו זיך?
איך האַלט דיך פעסט. ביסט מיינע, מיינע,
צו מיר געקומען...

*ער ציט זי צו זיך*

### דבורהל

וואָס זאָגסטו גאָרנישט? זיידע, זיידע. זע!

### מהר"ל

*זיצט געזונקען*

### גולם

ביסט מיינע, יאָ? ביסט מיינע. ביסט אַ גוטע.
און ווו ביסטו געווען די גאַנצע צייט?
אָ, דבורהל.

*קלאַמערט זי אַריין אין זיינע אָרעמס*

### דבורהל

*וויינט פאַרשטיקט אין זיינע אָרעמס*

### מהר"ל

*הויבט זיך אויף, פאַרבּרעכט די הענט*

אויך זי אַריינגעכאַפּט האָסטו!

*מיט צוריק געפונענער קראַפט*

יאָסל! גולם דו!

גולם

*באפרייט דבורהלען*

דבורהל

*פאלט צו צום מהר"ל*

באהאלט מיך. קום ארויס פון דאנען.

מהר"ל

*פעסט*

גיי זאג אין שול: איך קום באלד.

דבורהל

קום שוין, כ'האב מורא.

מהר"ל

איך זאג דאך: גיי.
זיי רויק, טאכטער, גיי.

*דבורהל אין שרעק אפ*

גולם

ווהין איז זי אוועק? ווהין? פארוואס?

מהר"ל

קיין צווייטער טאר נישט זען ווי דו ריכסט אפ דיין שליחות.

גולם

שליחות? וועלכע שליחות? האב איך דען
נישט אלע דיינע שליחות אפגעטאן?

מהר"ל

די לעצטע שליחות. זעסט, עס לעשן זיך
די ליכט שוין אויס. נאר איין און איינציק ליכט
דאס לעצטע, פינקלט נאך, און באלד וועט אויך
דאס לעצטע זיך פארלעשן... דארפסט זיך איילן.



גולם

ווהין זאל איך זיך איילן, רבי?

מהר"ל

ארויסגיין פון דער פינסטערניש. געציילטע רגעס
פארבליבן זיינען נאך, געציילטע רגעס.
אז נישט וועט פינסטער ווערן גאר אינגאנצן, יאסל —
וועט זיין שוין שפעט די לעצטע שליחות טאן.
איך הייס דיר איילן זיך.

גולם

וואס דארף איך טאן?

מהר"ל

א, פרעג נישט, פרעג נישט. אלץ איז שוין
פארשלאסן און פארחתמעט און פארגעבן...
איך האב שוין אפגערוט...

גולם

איך פאלג דיר, רבי. רוף מיך וועל איך גיין.

מהר"ל

דו דארפסט נישט גיין. אט דא פאר מיינע אויגן
וועסט אויספירן דיין לעצטע שליחות. לייג זיך צו דער ערד.

גולם

ווי דאן? דעם אויער צולייגן, זיך איינהערן?

מהר"ל

וועסט גארנישט הערן היינט. די ערד איז שטום.
זי רוט. ס'איז שבת היינט. וועסט אויך גיין רוען.
ווייל איך האב מיך שוין אפגערוט, און דו נאך נישט.

### גולם

וואָס ווילסטו טאָן מיט מיר?

### מהר"ל

דו הערסט דאָך: רו דיר געבן, שבת-רו...
דיין גאַנץ לעבן שרייט אַרויס נאָך רו...
איך הייס דיר. לייג זיך אויף דער ערד אַוועק.

### גולם

לייגט זיך אַוועק אויפן דיל

אָט ליג איך, רבי.

### מהר"ל

צי אויס די פיס.

### גולם

אָט האָב איך זיי שוין אויסגעצויגן, רבי.

### מהר"ל

צי אויס די הענט.

### גולם

זעצט זיך אויף אין ציטערניש

וואָס ווילסטו טאָן מיט מיר? וואָס ווילסטו טאָן?

### מהר"ל

נישט פרעג.

### גולם

ווייזט זיך מיט די הענט צום מהר"ל

נישט הייס מיר לייגן זיך, נישט הייס מיר, רבי, רבי.
וואָס ווילסטו טאָן מיט מיר?



### מהר"ל

בישטאָ קיין ענטפער. צי זיך אויס אַ צווייטן מאָל.

### גולם

אָט האָב איך זיי שוין אויסגעצויגן, רבי.
וועסט אָבער נישט אַוועקגיין, רבי, — יאָ?

### מהר"ל

מאַך צו די אויגן.

### גולם

וועסט בלייבן דאָ מיט מיר אויף שטענדיק, יאָ?
אָט האָב איך זיי שוין צוגעמאַכט...

### מהר"ל

כ'בין גוזר: זאָלן דיינע הענט און פיס, דיין קאָפ,
דיין גוף מיט אַלע זיינע אברים, גידים
זיך אומקערן צוריק צו זייער רו.
הויך אויס דיין לעצטן אָטעם. אמן.

### גולם

באַוועגט זיך נישט מער. דאָס צאַנקענדיקע ליכט אינם עמוד פֿאַרלעשט זיך

### מהר"ל

שטייט איבערן געשטאָרבענעם אַ לענגערע צייט, גיט זיך אַ ריר פון אָרט, גייט צו
צום טיר פון שול, עפנט און זאָגט אַרײַן

רופט דעם שמש צו.

דער שמש קומט צו צום טיר

### מהר"ל

צום שמש

לאָז קיינעם נישט אַריין אַהער ביז איבער שבת...

און איצט רוף אויס צו זאָגן נאָכאַמאָל
פון אָנהויב „מזמור שיר ליום השבת“ —

גייט אַרויס און פאַרמאַכט פעסט די טיר, פינסטער. דער אינו נראה שלייכט זיך אַריין

## אינו נראה

דער פינפער-טורעם איז שוין אָפּן ווידער..
צי אפשר, ווייל דאָס איז די לעצטע רגע
צעעפענען זיך אַלע שלעסער און זיי רופן: קום..
אָט קום איך. סיי ווי סיי וואָלט איך געקומען,
אפילו ווען די שלעסער וואָלטן בלייבן הענגען.

שטייט איינגעבויגן איבערן געשטאָרבענעם

דערווייל האָט זיך מיט אייניאונאייציק רגע
פאַרצויגן מער, דורך מיר, דיין לעבן; —
זיי דאַנקבאַר מיר פאַר דער געראַטעוועטער רגע,
ווייל אָט פאַרגייט זי...

פאַלט אַנידער איבערן געשטאָרבענעם.

ניו־יאָרק, 1917־1920.

